1919 - 12

# קאנאדע

## א זאמעלבוך

רעדאגירט פון

**ל. ראזענבערג**



פערלאג „וויסען" טאראנטא, קאנאדע

מערץ, 1919

# אינהאלט:

# איך

איך קאָן ניט גאָט, ניט אין הערפּריה און ניט בײנאַכט,
צו דיר מתפּלל זײַן מיט אַ צוקלעמט געמיט.
און האָב איך זיך פון דײנע מצות אויסגעלאַכט, —
האָן עקעלט די מחילה מיך! — איך וויל זי ניט!
און האָט אין האַרצען זיך צעשפּיעלט מײַן בלוטיג וועה,
וועל איך פאַר דיר זיך שטעלן אוועקשטעלען און מיט אַ לײב - געשרײ
דיך פאָדערען פון דײנע הימלען און דעם הויכען ווייט,
צום אײנציג גרויסען בית - דין פון מײַן בלוט, וואס פלאַמט פאַרשײט!
מיט מײַן בלוטיג קול —
די הימלען דײנע וועל איך אויפרײסען און רופען דיך אהער אין טאָל,
פון בלוט און פלאַם און תאוה'דיגען זונענליכט . . .
דו האָסט מיר אויגען ליכטיגע געגעבען —
זוך איך אויף אין אַלע ווײטע, טיעפע ווינקעלאך פון לעבען,
די קוויקענדיגע זינד . . .

ווּעסט פאַר מײַן זינדיג בלוט זיך שטעלען צום געריכט!
און האָב איך ווען אַ פרישען מײדעל - קערפּער אַנגעריהרט —
האָב איך דאָס ניט גערעכענט פאַר קײן זינד,
און געבעטען קײן פאַרגעבונג ווי אַ שקלאַף —
כ'בין געבליבען שטעהן פאַרוואונדערט ווי אַ קינד,
קושענדיג די זינד,
דײַן נאָמען לויבענדיג פאַר דײַן וואונדערליכער שאַפונג! . . .

## א מאָל איז אויך גוט . . .

אמאָל איז אויך גוט צו לאָזען זיך וואנדערען,
אין די בליהענדע וועלדער פון אייגענעם הארצען,
און קיינמאָל ניט וועלען ארויס
פון אונטער'ן שאָטען פון ריזיגע טרוימען . . .

גוט איז צו לאָזען זיך וואנדערען,
אין די וועלדער פון הארצען — כונה'דיג האָרכען
דאס ריטמישע ליעד פון די אייג'נע געפיהלען,
און הורכטרוימען טיעף זייער כשוף . . .

גוט איז צו לאָזען זיך וואנדערען,
אין די וועלדער פון הארצען, און אויפקלייבען דארטען,
די גאָלדענע בלעטער
פון הערבסטען ארונטער'ריסען . . .

## צו איינער א מיידעל . . .

דיין הארץ איז דאָך א תפיסה פון פיעל הערצער —
דו באפסט זיי אזוי לייכט, אזוי געשווינד ;
דיין שמייכעל ווענדסטו אָנ'עט פאר א וועגטקע —
דו האלסט זיי אין דיין הארצען ווי די הינט . . .

האווקען זיי אין הארץ ביי דיר אָהן אויפהער,
האָסטו ליעב פון הערצער דאס געביל,
רופסט זיי ליעבליך : הינטלאך מיינע, הינטלאך —
ניט געהאווקעט — שטילער הינטלאך, שטיל !

דיין הארץ איז דאָך א תפיסה פון פיעל הערצער,
האלסט זיי אויף די קייטען ווי די הינט,
מיין הארץ פיהלט אזוי שווער זיך אין דיין תפיסה,
אינאייטעם מיט דער ווילדער שייקע הינט . . .

# גאָט און ים

## א.

באַר'חלום'ט ליגט די ווייטע אויסגעשפּרייטע בערג געגענד און שווייגט,
און אין דעם ווייטען הימעל האָבען וואָלקענס זיך קאָלירינע נעצווייגט,
ווי וואָרצלען טיעף אין דר'ערד, געבונדען זיך, און זיך געפּאַסט.
פּורפּור לענטעס גליהענדע און זילבער פאַסען האָבען זיך געקוסט.
פּאַרטיעפטע טיעף אין זיך זענען די בערג געשטאַנען און זיך
איינגעהערט
צו די טריט, די ערשטע פון'ם טאָג, וואָס קומט אַראָפּ פון הימעל
אויף דער ערד,
און פון דעם ווייטען וואַלד, האָט זיך צווישען בוימער זיך
ארויסגעזעהן דער ים,
וואָס איז אין גאַנצען דאָן געווען אַ רויט-צושמאָלצענער גיהנום-פלאַם
אַ ים פון גאָלד פון פריש צושמאָלצען גאָלד — עס האָט זיך אויסגעהאַכט,
אַז אין איהם פאַלען עס אריין די זונען אַלע פון'ם טאָגגאַנג
אָפּגעשוואַכט,
און ס'זאַמעלט זיך דער גאָלד־אוצר פון זונען אויסגעברענטע
אָהן צאָהל,
און וואַרטען אויף גאָט'ס האַנד, ער זאָל פון זיי נאָך מאַכען, וואָס אַמאָל.
עס האָט דאָן אויסגעזעהן, אַז אינ'ם וואַסער־גאָלד זיך ראַנגלען
מיט גוואַלד,
אַ ים מיט זונען, וואָס זענען אַהין אריינגעפאַלען, נאָך ניט געשטראַהלט
אפילו אַ מאָמענט אויף קיין שום ערד, זיי וואַרפען זיך און
קאָנען ניט אַרויס,
דער ים האָט פאַר די הויכע בערג אַנטפּלעקט אין גאַנצען זיין
נשמה גרויס . . .

---

עפּעס האָט אַראָפּגעוואונקען צו די בערג דער מאָרגענטריגער
בלייבער הוים,

עס האָט די ערד די ווירקליכע אין גאנצען זיך פארוואנדעלט אין
א טרוים,
די בערג, דער אלטער וואלד, דער ים פון גאָלד די זיסע רוהיגקייט ארום
האָט פּאָכטיג אָנגעזאָגט דער מארגענלופט צו איינהאלטען דעם
אטעם שווייגענד פרום
ראזע סטעזשקעס האָבען אין די טאָל־וועגען זיך, זיך גלאנצענדיג
געשפּרייט,
עפּעס האָט געקלונגען אין דער לופט א גאלדען גלעקעלע: דער
האר פון לעבען געהט!
דער האר פון לעבען געהט פון זיינע הימלען אויף דער באהנ־
געגענד אראָפּ!
און פאר'ן כישוף'דיגען זונענאויפגאנג פארנייגט ער טיעף זיין
ליכט - געקרוינטען קאָפּ,
ער הויבט די הענד זיינע צום מזרח אויף, און בענשט די
שווייגענדיגע בערג,
און בענשט די זון. זיין וואונדער ליעד, זיין גרעסט און וואונ־
דערליכסט ווערק
און אויפ'ן ים פאלט מילד זיין בליק און אנגעצונדען ווערט דער ים.
נאָך רויטער, גליהנדער, און ווארפט זיך אין זיין דימענטענעם ראם
צופריעדען געהט דער וועלט־האר אין די הימלען פון זיין
וואונדער זיך אוועק
דער טאָג הויבט האסטיגער שוין אָן צו געהן זיין לאנג בא -
שטימטען וועג...

## ב.

עס שפיגעלט זיך דער ים דורך טעג און נעכט אין העל און
טונקלען פראכט
און טאנצט זיין ווילדען תאוה־טאנץ ביי טאָג און אויך ביינאכט.
און פרעמד איז איהם דאס קליינליכע, וואס וואלגערט זיך אין טאָל,
פון קלייניגקייט יבשה - שטח, די ברואים'לאך אהן צאָל.
דערצעהלט פאר פרייע לופטען און פאר וואָלקענס שטענדיג בלויז,
זיין אייביג גאוה'דיגען פאקט: אז אין זיין ווילדען שויס
האָט גאָט — זיין גאָט וואס האָט די וועלטען און אויך איהם געמאכט
זיין אייביגע געלעכטער - פרייד אין איהם ארייגעלאכט.
אין איהם האָט ער געשפּיגעלט זיך, און האָט אין איהם דערזעהן
ווי וואונדערליך און גרויס ער איז, ווי מעכטיג און ווי שעהן.

עס זינגט דער ים זיין סודות ליעד מיט מורא'דיגע שטים,
ווי ס'וואלט דאס הארץ פון גאט אליין געצאפעלט זיך אין איהם,
עס זינגט הער ים און זיין געזאנג אין איהם געהט אריין,
און לאזט דעם האר פון וועלטען דארט, ניט אומעטיג צו זיין.
ער וועקט איהם פון זיין דרימעל אויף און וויעגט איהם איין ביינאכט,
און האלט אין איין דערצעהלען פון זיין סודות'דיגער מאכט.
פון זיינע פלענער וואס ער האט פאר זיך אליין פארטראכט.
פון וועלטען וועלכע דארפען ווערען באלד שוין אומגעבראכט,
און נייע וועלטען וועלכע דארפען ווערען אויפגעבויט
עס זינגט דער ים זיין סודות - ליעד פון לעבען און פון טויט . . .

---

א, פרייער ים! א, שרייער ים! ווען ווערסטו איינגעמיעדט?
ווען ענדיגט זיך, ווען ענדיגט זיך דיין מאכטיג שטורם-ליעד?
ווען שוואכען דיינע מוסקלען אפ? ווען פאלט דיין בוזים איין?
האט גאט קיין גרעסערען זינגער ניט חוץ דיר, חוץ דיר אליין?
ביסטו זיין איינציגע מעכטיגע גליק? (דאס ווערק פון זיינע הענט) —
האט ער קיין שעהנערס שוין פון דיר ניט אויסדיכטען נעקענט?
ער הערט זיך איין צו דיין געזאנג, דיין אייביג אפען מויל
און שמייכעל, און איז איינגעוויגט, און ס'איז איהם גוט אזוי וואויל?
צי אפשר שטורעמסטו אזוי מיט צונגען אהן א צאהל. —
און ס'הערט ניט גאט דיין שטורעמען ווי אונזערס דא פון טאל?
עס פלאצט דיין הארץ פאר וועהטאג און עס רייסט זיך פון איהר ראם,
ווי שטארק, א, פיהל איך מיט דיין וועה, דו פרייער שטאלצער ים,
מיין הארץ איז ווילד און שטורעמט אויך און ברויזט און שפרינגט ווי דו
און ווארפט זיך אין קאנוואולסען אום און האט קיין רגע רוה!

## מיין ליעב שעהן מיידעלע . . .

מיין ליעב שעהן מיידעלע, מיין ליעב שעהן מיידעלע,
דאס לעבען איז א ים, א ים א ברויזענדער,
און אויפ'ן גרונד פון ים, און אויפ'ן גרונד פון ים,
געפינען פערל זיך — מיליאָנען, טויזענטער . . .

מיין ליעב שעהן מיידעלע, מיין ליעב שעהן מיידעלע,
איך בין צום גרונד פון ים אראָפּגעקומען,
און דיך געפונען דארט, און דיך געפונען דארט,
און אין מיין הארצען דיך אריינגענומען . . .

מיין ליעב שעהן מיידעלע, מיין ליעב שעהן מיידעלע,

## אָוועגט

א ברוינער נעבעל האָט זיך אויסגעשפרייט -
און האָט זיך אויסגעלעגט ווי לעשענדיגער גלוט,
ווי שטיקער טרוקענע בלוט.
א ווינטעל וועהט . . .

דער טאָג האָט אויסגעשפיגען ביז זיין גרונד
זיין גאנצען לונג און פאלט א טויטער שוין,
עס רינט דאס בלוט אין מערב פון זיין וואונד.
זיין בלוט איז ווילד און שעהן . . .

## ביים טייכעלע

אין טייכעלע קלאָרען
מיט ווערבעס באַזוימט,
זיך שפּיגעלט דער הימעל,
דער בלויער פאַרטרוימט.

און וואַלקענדלאַך ווייסע,
זיי שווימען אַרוים,
און טונקען זיך טיעף
אין דעם וואַסערעלס שוים.

צום טייכעל א מיידעל,
א שלאַנקע פון חן,
זי גערט אהין שווימען,
טאָג־טעגליך אליין.

זי גערט דאָרט באַגינען,
צום וואַסער בסוד
איהר קערפּער דעם צאַרטען
זעהט הימעל און גאָט . . .

## די איביגקייט

ווייסע אין מאַרמאָרנע טרעפּ,
פייערלאַך רוימלען שריבען,
העמבעס אַרומרינגלען דעם שלאָס,
שטערענדלאַך פינקלען פון איבען.

שאָטענס געדיכטע אין שוואַרץ,
ציהען זיך איבער די וועגען,
העלדער פאַרצווייגטע און גראַז,
היטען די שליאַבעס און שטעגען.

קלאפט הער אין טיר פון דעם שלאָס,
רוהיגע שטעהען די ביימער,
עפענט זיך לאנגזאם א טיר
בריים, און מען זעהט ניט קיין שומר.

קומט נאָר אין שלאָס זוער אריין,
וויל עפעס זעהן, פארשטעהן,
פארריגעלט זיך פלוצלונג די טיר,
צוריק איז אוממעגליך צו געהן . . .

## צווישען יונגוואַרג

קינדער, קינדער, כ'וויל אויך שפיעלען,
נעהמט מיך אויך אריין אין ראָד,
שוועבען ווילט זיך, פליהען, יאָגען,
גלייך מיט אייך אין קאראהאָד.

קוקט ניט וואס איך בין אן אלטער
בין ניט ריהרעוודיג, ניט פלינק,
זעהט ווי דאָ א הארץ קלאפט האסטיג,
און מיין זעעל איז פריש און יונג.

שפרינגען ווילט זיך, זינגען לויפען,
כ'האָב קיין יוגענד ניט געהאט,
מאמע - מאמע פלעגען אימער,
לערנען מיך מאָראל און שטאָט.

„שפרינגען פאסט ניט, לויפען טויג ניט".
ס'האָט די זאָרג געמאכט מיך מיעד,
פונקט צו דרייצעהן יאָהר געווארען,
בין איך שוין א גלות איד.

קינדער, איך בין אייך מקנא,
נעהמט מיך אויך אריין אין ראָד,
ס'ווילט זיך איינמאָל כאָטש א שוועב טאָן,
אין דעם יוגענד'ס קאראהאָד.

## דאס ציימונג׳ס אינגעל

ווי פון עמערס שטראמט דער רעגען
וואשט דעם אספאלט,
נאך דעם בליטץ א שטארקער דונער,
שטיקערהווייז צופאלט.

אלע זענען זיך צעלאפען,
אלע, קליין און גרויס,
שיצען זיי זיך פון דעם רעגען
יעדער אין זיין הויז.

בלויז דאס קלייגע ציימונג׳ס אינגעל,
דורכגעפרוירען, נאס,
מיט זיין פעקעל מארגען - ציימונגם
שטעהט ער אויף דער גאס.

און דער רעגען אהן רחמנות
גיסט אזוי און גיסט :
זאג, וואס ווארסטו ארעם אינגעל ?
ווארסטו ניט אומזיסט ?

דורך דעם העמדעל און די הייזלעך,
פליעסט דער רעגען גיך,
און די פינגערלאך בגנבה,
קוקען פון די שיך . . .

## מאָנטרעאָל פּאַרטאָג

ווי א ריזען שטאָלצע מחנה,
אונטער הימעלס בלויהייט ווייכע,
ציהען זיך די בערג באוואקסען
מיט די גרינע וועלדער הויכע.

מאיעסטעטיש ווי געקרוינטע,
אפּגעגילט די ביימער שפּיצען,
קוקען זיי אין טאָל אין טיעפען,
ווי זיך ווייסע נעבלען גליטשען.

שטיל ארום, בלויז פון דער ווייטען,
ציטערט, קלינגט שטיל אין באגינען,
און דער מארגען נעהמט זיך וויזען
דורך גרוי - זילבערנע גארדינען,

און פון אונטען ביים סענט - לארענס,
וואו דעם ברעג די כוואליעס וואשען,
איינגעהילט אין דינע שלייערס,
רוהיג דרעמלען נאך די גאסען.

בלויז די פרומע קאטאליקען
אין די שווארצע מאנטלען לאנגע
ציהען פּארענווייז צום קלויסטער,
לעבענסלאזע אהן פארלאנגען.

און די פויגעל זינגען, זינגען,
אזוי ווי שעהן און ליעב און גערען,
כ'וואלט זיי צוואנציג זומערס ווידער,
נאך נים מיעד געווארען הערען.

זינגט מיר פויגעל, זינגט מיר פרעהלאך,
דען ארום איז שווארץ א מורא,
און דער מיטעלאלטער שפּרייט דא
ווייט זיין ווילדע מרה - שחורה.

א. ריינוויין

# „אין א קאנאדער שטאדט“

(ערצעהלונג)

# א

אין די בלאהע וואסערען פון דער "לייק" אנטאריא וועלכע רינגעלט ארום די שטאדט ט. ווי מיט א חית, שפּיגלען זיך יעצט אפּ פּיעלע קאלירען, א דאנק דער פאַרגעהענדער זון, וועלכע ווערט אַלץ קלענער און קלענער. נאכדעם ווי זי האט א גאנצען טאג א שרעקליכע היץ פּאראורזאכט, און ניט ווענינ מענשען האבען צוליעב איהר אין מיטען טאג זייער ארבייט געמוזט איבּעררייסען.

די שטענדיג בלאהע וואסער, וועלכע הויבט זיך אויף כוואליעסווייז, און דערמאהנט זיך אבער שנעל, אז זי איז ניט מעהר ווי אזערע - וואסער און קען זיך ניט גלייכען צו די אָקעאנישע, האט יעצט עטליכע שותפ'טעם צובאקומען. אט ציהט זיך א פּורפּור - רויטער פּאס, וועלכער דוכט זיך איז ווי צוזאמענגעהאפטען, מיט דעם האלב - מאטאווען און פון צווישען זיי פּליסט ארויס א שטראם, וועמענס קאליר מען קען ניט מיט קיין באשטימטען נאמען אנרופען, און איבער זיי, עטוואס העכער פון זיי, אבער ווי צוזאמענגעגאסען מיט דעם, הויבט זיך אויף דער פיעלפאכיגער רעגענבויגען, וואס דערמאהנט די זינדיגע, אז אמאהל איז א ברית כורת געווארען, צווישען דער וועלט און איהר באשעפער, און דער רעגענבויגען ניט נאך מעהר צו, דער פיעל-קאלירקייט פון דעם וואסער.

די עלעקטרישע לאמפען, צינדען זיך אן רייהעסווייז, ווי זיי וואלטען געוואלט ערקלעהרען א קאמף, דער אלץ מעהר פארשוואונ-דענדער טאג - ליכט, זיי גיעבען אבער שנעל אויף דעם קאנקורענטען - קאמף, און נעהמען אן דעם ביטערען אמת, אז זיי זענען עס ניט בכח — דאס צייגען די הילכיגע קולות פון די פרעהליכע פארלאר, וועלכע האבען זייער נעסט געמאכט דא און דארט, צווישען די אין ארדנונג - צוזעצטע בוימער און צואווארפענע בענק, און וועלכע זוכען שוץ אין דער פינסטערניש פון דער נאכט.

א פּארשפּעטיגטער בארענדער, ווערט באפאלען פון הויפענס מיקען, וועלכע דערפיהלען מיט אמאהל זייער פרייהייט. און די אפּגערעקטע פּלעצער, וואס דער קורצער באד - קאסטיום קען ניט

באַשיצען, האַלטען זיי פּאַר א גוטען פּלאַץ, וואו מען קען אַפּרוה געפינען, און א רגע פאַרגעסען אין דעם שטענדיגען זשומען.

דאָס וואַסער ווערט אַלץ רייגער און ריינער. מענשענלאַז. און אַט פאַרשווינדט שוין דאָס לעצטע זיך באַדענגדע פּאַריל. וועלכע קענען זיך ניט אָפּרייסען פון דעם אַפּפרישענדען וואַסער, וואו עס איז אַזוי גוט צו שטיפען.

עס דוכט זיך, ווי יעצט וואָלט שוין דאָס וואַסער אויך אַן אַפּרוה זיך געקענט פאַרגינען. די ניט גרויסע כוואַליעס הויבען נאָך אָן קלענער צו ווערען, ווי זיי וואָלטען זיך איינשרימפּען, געוואָלט, און די אייגענע קראַפט באַקעמפען, אַט הויבט זיך נאָך אויף א קליין כוואַליעלע, ווי עס וואָלט געוואָלט פּראָטעסטירען. וואָרום וועז מען פאַרגינט איהר שוין יאָ רוה, אין איהר אייגענעם שויס. וואָרום טומעלט מען אויף דעם ברעג, וואָס האַלט איהר איינגעשלאָסען. און צו וועמען זי טוליעט זיך. עס הויבט זיך אויף העכער און העכער, ווי ברעה, די בענק מיט די הילכענדע ברואים צו פאַרפּלייצען, אַלס שטראָף פאַר שטערען די רוה, אבער פּלוצלונג כאַפּט עס זיך צוריק, ווי עס וואָלט זיך מיט׳ן מענשען, דעם הערשער פון ימים און ערד, ניט געוואָלט איינרייסען.

א שטערען באַווייזט זיך, און א צווייטער, און דאַן קומען זיי אָן מיט אַמאָהל גאַנצע מחנות.

דער רויטער פלעק אויפ׳ן הימעל, איז שוין לאַנג אויף יענער זייט וואַסער פאַרפאַלען געוואָרען, ווי ער וואָלט זיך אונטערגעטונקט. דעם שטילען וואַסער איז אבער די פינסטערניש ניט באַשערט.

ניט גענוג וואָס מענשען האָבען עלעקטרישע לאַמפּען אויס - געקלעהרט, האָבען מענשען אויך ליעב אין די אָווענטען זיך צו שיפען, און אַז די שיפלאַך זאָלען זיך ניט צוזאַמענשטויסען, איז יעדעס שיפעל מיט א ברענענד נאַפּט - לעמפּעל באַזאָרגט. נאָסע קברים צו פערשפּאַרען. און פינקעלנדע שטערען מישען זיך אויס מיט זיך צאַנקענדע לעמפּלאַך, פון רודערענדע שיפלאַך.

ביידע זענען ניט גענוג די נאַכט אין טאָג צו פאַרוואַנדלען. זיי זענען אבער גענוג די שטילע פינסטערניש צו צושטערען. און אין איהר גבול זיך אַריינצורייסען.

אין דער שטאָדט איז דער טאָג א הייסער און שטיקענדער געווען. און מאַסענוויין קומען זיי יעצט, די פאַרמאַטערטע צום ברעג, וואו עס איז עטוואָס קיהלער. נאָכ׳ן שווערען טאָג ארבייט

אין ״אפיס״ און שאפ, פרייער אפּצואטעמען, און אין זיך נענוג פרישע לופט אריינצוציהען. ברעננען, ברעננען זיי אהער די שיפען פון דער ״פלעזשור פערי קאמפּאניע״, וועלכע האלט אין איין לויבען אין די שטאטישע צייטונגען די מעלות פון דעם ברעג, כדי מענשען זאלען אהער קומען, און דערווייל זאלען זיי ״ניקעלס״ צאהלען פאר׳ן פאהרען. די קוימענס פון די ״פּלעזשור - פעריס״ האלטען זיך אין איין רויכערען.

אויף יענער זייט ברעג, דארט וואו דיעזע שיפען נעהמען אן, און שפּייען אויס די צוריקפאהרענדע; איז דער ״וואסער - פראנט״, דארט וואו דער טומעל פון די גרויסע סחורה - סקלאדען, דער גלאקען - געקלאנג פון די פאהרענדע צוגען און דאס פייפעריי פון די דאמף און זעגעל - שיפען מישט זיך אזוי צוזאמען, ווי דער גאנצער טומעל פון דער שטאדט ט. זאל זיך אהין האבען אריינגעקליעבען. די הויכע פאבריק - קוימענס הויבען זיך אבער איבער דעם טומעל ארויף, און ווילען מיט זייער הויכקייט אויפמערקזאמקייט צו זיך ציהען און טראגען דעם גאנצען הו־הא זיך עם דערשלאגען, א חלק אין דער אנזעהעווודיגקייט באקומען.

פונקט ווי דער מענש האט זיך זיינע ארבייטס - שטונדען, אזוי האבען אויך די פאבריק - קוימענס און דער טומעל זייערע שטונדען אין דער שטאדט ט., און הויבט זיך אן די זון צו זעצען, פאנגט דער טומעל אן קלענער און קלענער צו ווערען. די קוימענס הויבען אן אויסצוזעהן ווי זיי וואלטען זיך איינגעקארטשעט, ביז זיי ווערען אין גאנצען אונטער׳ן מאנטעל פון דער אנקומענדער נאכט. קומט אן די נאכט, דאן געהט איבער די גאנצע ממשלה צו די מענשען - איינזאפענדע און צוריק אויסשפייענדע שיפען פון דער ״פלעזשור פערי קאמפּאניע״, און צו די גרויסע עלעקטרישע שילדען אין לאמפּען, וועלכע דערצעהלען דער נאכט פון דער עקזיסטענץ. אז אלעם איז נאך ניט פארשוואונדען געווארען פון גאט׳ס ערד, נאר, צייטווייליג זיך אונטערגעגעבען אונטער דער אויבערהערשאפט פון דער פינסטערניש.

ב.

עס איז געוועזען אן אווענד אין׳ם חודש אויגוסט. אין דער שטאדט ט. וואס ליעגט ביי דער ״לייק״ אנטאריא איז די היץ נאך גענוג שטיקענד, און די ״פלעזשור פערי

קאמפאניע'' האלט אין איין איינגעהמען בערגלאד ''ניקעלס'' פון די זיך - אבצוקיהלען - זוכענדע און מיט שוויס באַגאסענע, ביים וואסער־פראַנט האבען די שיפען פארגעזעצט זייער טעגליכען שפיעל פון ארויפ־נעהמען און ארונטערלאַזען פאסאזשירען. און די עלעקטרישע שילדען, מיט די פיעל פארביגע לעמפלאך, וועלכע האבען צוזאמענגעשטעלט בוכשטאבען און ווערטער, האבען געטריי געדיענט זייערע בעלי בתים פון די סקלאדען און פאבריקען, און דערצעהלט דעם פארבייגעהער, יעדער, ווי אזוי זיין בעל הבית הייסט. זיין ערשטען נאמען, און דעם פאמיליען נאמען, צו דאס איז א יחיד, אדער א קאמפאניע, און דורך די לעמפלאך מגלה געווען דעם סוד, מיט וואס די בעלי בתים זייערע באשעפטיגען זיך. און אין וואס זייער האנדעל באשטעהט.

א שילד וואס איז פיעל גרעסער געוועזען ווי דער בעל מלאכה וואס האט איהם אויף דער וועלט באשאפען, האט דורך רויטע, גרינע און ווייסע לעמפלאך דערצעהלט, אז דא ווערט פארקויפט נאר אין ''האלסייל'' דער באריהמטער ''דיוארס ווהיסקי'', אימפארטירט דירעקט פון שאטלאנד, און ''דזשין'' וועלכער קומט פון אירלאנד.

פונקט געגענאיבער דעם פלאץ, וועלכער דיענט אלס דאק און האפען פאר די פיעלע שווימענדע פאלאצען איבער'ן ''לייק'' אנטאריא, האבען ווייסע פארצעלייענע בוכשטאבען באשיינט פון גרויסע עלעק־טרישע רעפלעקט - לאמפען דערצעהלט וועגען א פירמע, וועלכע פארשפארט אייך צו געהן צום שניידער, און אז עס איז גענוג בלויז דורכ'ן טעלעפאן צו לאזען וויסען אין איינעם פון איהרע ''אפיסעס''. ווערט א מאס מיט ווארע מוסטערען אהיימגעשיקט, און אויך מיט דירעקציאנען, ווי אזוי זיך זעלבסט א מאס צו נעהמען, און אין דיעזער גרויסער פאבריק, וועלכע בעשעפטיגט צוויי טויזענד מענשען ווערט שוין געטאן דאס איבעריגע.

לעבען דעם, נאר אין א גרעסערער געביידע, האט זיך איינ־געפונען אן אקציאנס - געזעלשאפט, וואס איז דער וועלט מזכה מיט פעטענט - מעדיצינען, מיט פארטיגע רפואות, און צווישען זיי ביידען, ווי איינגעטוליעט זיך צווישען גרויסע, אום צו זוכען שוץ, האט א רויטע לאמטערנע איבער א נידעריגער בודקע דערצעהלט, אז דא בא־קומען דורכפאהרענדע אויטאמאבילען זייער צדה לדרך — געזאלין.

האט ווער פערגעסען, אז די מענשען זענען אין פעלקער צו־טיילט, האבען עס די שילדען פאר זייער חוב געהאלטען דער זיך פארגעסענדער און פאריאגטער מענשהייט, אין דעם זיי צו דערמאהנ־

נען. אז אויף דער וועלט זענען פאראן א'לירים, מעקהעגדרים, שווארצקאפס, קאהענס און קאסטעלאס.

די נעמען פון די שילדען האבען ניט נאר וועגען די בעלי בתים און דעם סארט מסחר דערציילט, נאר מען האט אויך געקענט גע־וואר ווערען, ווער עס ארבייט דא און דארט. ווייל אין דעם געגענד פונ'ם וואסער־פראנט, האט אן א'לירי אדער א מעקהענדרי זעלטען באשעפטיגט אנדערע ווי קינדער פון דער דריי איינינקייט, אירלאנד ענגלאנד און שאטלאנד, פונקט ווי ביי א קאהען האבען זיך געטוליעט אחינו בני ישראל, און דער דייטש שווארצקאפ האט געגעבען א פארצוג זיינע אייגענע לאנדסלייט.

אין א לאנגער שורה האבען זיך דיעזע שילדען געצויגען. לענגער וויפיעל דאס אויג האט געקענט כאפען, אבער ניט ביי אלע, שילדען האט זיך געמערקט די געוועהנליכע נאכט־רוהיגקייט, וואס איז שוין כמעט געווארען ווי א געזעץ אין דיעזען געגענד, וואו ביי־טאג האט גערוישט מיט לעבען און ארבייט.

פאר דער וועלט זענען דאן יאהרען פון שטורם און קריעג אנ־געקומען, און דיעזער שטורם האט זיך אויך אין דער שטאדט ט. אריבערגעטראגען, אויב די שטאדט ט. איז געוועזען צו ווייט, צו קענען דיענען אלס א פונקט פאר'ן שונא, אדער פאר א לאנגער פון דעם לאנד־מיליטער, האבען אבער איהרע פאבריקען געקענט דיע־נען פאר דעם, אז די מאשין־ביקס און דער קאנאן זאלען גענוג פולווער און גראנאטען האבען, און אזוי ווי די קריעג האט ניט געוואלט וויסען פון נאכט־אפרוה, האבען פיעלע פון די פאבריקען פון ט., די וועלכע האבען אייזען און שטאל געגאסען פאר קוילען און שראפנעלען, געמוזט ארבייטען לאנג נאך זונען־אונטערגאנג. און די קיילעכדיגע זיך פארדרעהענדע קנוילען רויך, וועלכע האבען גע־פונען אן אויסגאנג דורך די הויכע קוימענס, האבען דער נאכט דעם סוד דערציילט, אז דא ווערט וויכטיגע ארבייט פאר'ן לאנד געטון.

די נאכט האט דעם טעגליכען טומעל ניט פארטריעבען. געטור־מעלט האט זיך אויך פאר א פיער שטאקיגער געביידע, וואו עס גע־פונען זיך דאס געשעפט פון "רעגס, באטעלם ענד סקרעפ אייראן" פון דער באריהמטער פירמע א. פינקעלשטיין און זיהן.

ווי שאטענס האבען זיך דארטען מיטגליעדער פון דער ט — ער פאליציי ארומגעדרעהט, מיט די אייזערנע "קלאבס" אין דער נאכט געפאכעט. און צוואווייל געטאפט די אנגעלאדענע רעוואלווערען ביי דער

זייט פון די אויבערדעק. פאר די לעצטע עטליכע טעג קומט ביי די פינקעלשטיינס פאר א סטרייק פון זיינע אידישע ארבייטער און לאנדס־לייט. און קלאנגען געהן ארום, אז די ארבייטער געהן נקמה נעהמען פון איהם, דורך אנשיקען אויף זיינע געשעפטען דעם "רויטען האהן". אבוואהל עס זענען ניט מעהר ווי קלאנגען געוועזען, האלטען אבער די פינקעלשטיינס, אז אין געשעפט ־ אנגעלעגענהייטען איז תמיד בעסער, יעצט מען איז זיכער.

זיי האבען די קלאנגען דער פאליציי — פערוואלטונג אי־בערגעגעבען, און פון זייער זייט זיך באמיהט עס נאך איינדרוקס־פולער אויפ'ן פאליציי־בעאמטען צו מאכען, און די רייד באגלייט פון עטליכע שאכטלאך ציגארען האבען גלייך געווירקט. אזוי ווי די געזעצען פון דעם לאנד שרייבען פאר, אז דאס אייגענטום פון יעדען מענשען איז הייליג און מוז באשיצט ווערען. האבען א האלבער טוץ "בלאַ רעק" באקומען א באפעהל צו באגעבען זיך צום באשטימטען פלאץ, און זעהען אז קיין בייז אויג זאל ניט קיין שליטה האבען אייפ'ן פארמעגען פון א. פינקעלשטיין און זיהן, וועלכע האנד־לען מיט "רעגס, באטעלס ענד סקרעפ אייראן".

די נאכט, לאזט זיך אראפ אלץ טיעפער און טיעפער, די שיפען פון דער "פלעזשור פערי קאמפאניע" ברענגען צוריק די אויסגערוהטע און אבגעקיהלטע אין שטאדט אריין, עס הויבען זיך אן אויסצולעשען די שילדען לאמפעןביים וואסער ־ פראנט. ביי דער פיער שטאקיגער געביידע פון פינקעלשטיין און זיהן זעהען זיך די לאנגע שאטענס פון די היטער, וועלכע היטען דער פירמעס פארמעגען, און די זיך באהאל־טענדע שאטענס פון די סטרייקער ־ שלוחים, וועלכע גיעבען אכ־טונג, אויף דעם, אז אונטער'ן שוץ פון דער נאכט ־ פינסטערניש זאלען אהין ניט צוגעבראכט ווערען די סטרייק ־ ברעכער, וועלכע מען זאגט, זענען אנגעקומען אין שטאדט. די נאכט זעהט צו דאס פאכען פון "קלאבס" און די לאנגזאמע טריט פון אידען מיט בערד, וועלכע האבען א סטרייק זייערע בעלי בתים ערקלעהרט.

ג.

געוועזען איז עס אין א שטאדט פון קרויז ־ פוילען, וועלכע איז געלעגען ניט ווייט פון דער פוילישער הויפטשטאדט ווארשא, און וועלכע איז געוועזען דער הויפט ־ צענטר פאר'ן געגענד.

דער פוילישער מיאטעזש, וועלכער איז אין בלוט און אייזען

פון מוראוויאוו'ן דערטרונקענע געווארען, איז נאך ניט פארגעסען גע־וועזען טראץ די עטליכע צעהנדליג יאהר. וואס זענען שוין געוועזען אוועק. די נאך פרייהייט - דורשטיגע פוילישע קינדער פלעגען נאך אין געהיים זייערע "קאנפעדעראטקעס" באטראכטען, פון די מיט איי־זען באשלאגענע קופערטס ארויסנעהמען, פונ'ם שטויב זיי אפשאקלען, און שטונדען ווייז פאר'ן שפיגעל שטעהן, זיך אין די גוטע צייטען דער־מאהנען, און מאנכע פלעגען מורמלען דערביי דאס ליעד פון דער ניט פארלוירענער האפנונג. די שפיגלען האבען אפט ביי דעם געזעהן טרעהרען איבערגעפילטע אויגען, באגלייט פון זיפצען, דערשטיקט אין די פיער ווענד, מיט פנימער וואס האבען די אמת'ע געדאנקען מגלה געוועזען. אין יענע טעג פון אייזען און בלוט, איז דאס לאנד פונ'ם ווייקסעל א גאלד־מינע געווארען פאר די, וועלכע זענען געשטא־נען אין רוסלאנדס דיענסט, און די געלד - דורשטענדע רוסישע טשינאווניקעס האבען בעסער געוואלט דיענען אין דער ווידער - שפעניגער פוילען, איידער אין דער אייגענער מוטער רוסלאנד, ווייל דיענען דער מלוכה אין קרוין־פוילען, האט געמיינט שנעל רייך ווערען.

אין יענע טעג, איז אין דער שטאדט, וואס ליעגט ניט ווייט פון דער פוילישער הויפט שטאדט, ווארשא, אנגעקומען א בעאמטער, וועלכער האט געהאט צו זאגען איבער אלע מענער פונ'ם געגענד, פון וועלכען גלויבען זיי זאלען ניט זיין, בנוגע זייער מיליטערישער דיענסט פאר רוסלאנד. און ווייל דיעזער בעאמטער האט זיך גע־רופען מיט'ן נאמען אלעקסאנדער סטעפאנאוויטש מיקישאוו, איז דארטען די געשיכטע ביז היינטיגען טאג באקאנט אלס "די מיקי־שאווער געשיכטע".

געקומען איז ער אהין פון א שטאדט פון טיעף - רוסלאנד, וואו ער האט פארנומען א גאנץ קליינעם אמט אין דער פאליציי - פערוואלטונג. צוליעב זיין טרייער דיענסט אבער, האט מען איהם באלוינט מיט'ן אמט פון "וואיעני נאטשאלניק". מיט דער עובדה די אפגעגעבענע סאלדאטען צוצושיקען אין זייערע באטרעפענדע פאל - קען.

ניט לאנג, האט מיקישאוו'ן גענומען אויסצוגעפונען, אז א רוסישער בעאמטער איז פוילען קען לעבען ברייטער ווי זיין געהאלט ערלויבט עס איהם. דאס האבען איהם אויסגעלערענט אידען — מעק־לער, וועלכע האבען ניט געמיינט אזוי זיין טובה, ווי ברויט פאר זייע־רע אייגענע ווייבער און קינדער.

דערצעהלט האָבען זיי איהם, אז די רוסישע מלוכה וועט גאנץ ווייניג ליידען דערפון. ווען ווייניגער מיט עטליכע מענשען וועלען גע־שיקט ווערען פאר דער פיעל יעהריגער דיענסט איז דער קאזארמע. און אז מען קען מאכען א גאנץ גוט געשעפט. ביי וועלכען אלע צדדים זאָלען בלייבען צופריעדען. און עס זאָל זיין "אי דער וואָלף זאט, און אי דאָס לעמיל גאנץ".

מיקישאוו וועלכער האָט נאָר אויף דער געלעגענהייט געוואַרט. אז זיינע הענד זאָלען אויך באריהרען א טייל פון דער רוסישער אינס־טיטוציע "כאבאר", האָט די אידישע מעקלער אויפמערקזאם אויס־געהערט, און דער אפמאך איז געשלאָסען געוואָרען. אז פאר א געוויסער סומע קען יעדער אידישער יונגער מאן פארזעצען צו פאָהרען צו זיין רבין, און ניט שרעקען זיך פאר דארפען געהן אין פאָלק אריין.

פאר רייכע אידישע קינדער, איז עס א ישועה געוועזען, און שיער איז פון זיי מיקישאוו ניט פאררעכענט געוואָרען צו די חסידי אומות העולם, האָט פאסירט, אז אינ'ם אויעזד האָט מען א אידישען יונגען מאן אפגעגעבען, האָט מען זיך בלויז געדאַרפט זעהן מיט איינעם פון די מעקלער, איבערגעבען איהם די באטרעפענדע צאהל הונדערטער, און מיקישאוו האָט שוין געזעהן אז דער יונגערמאן זאָל בלייבען אין דערהיים. אפדיענען די עטליכע יאהר. וואָס ער האָט געדאַרפט דיענען, ביי ווייב און קינד, און צום סוף קריגען א "טשיסטע אטסטאווקע".

אבער די נייע אידישע ישועה, דורך וועלכער די יונגע לייט זענען באפרייט געוואָרען פון דער קאזארמע, האָט זיך ניט געקענט האַלטען אויף אייביגע יאהרען, ווייל ניט אלע אידען האָט האָט געבענשט מיט כל טוב.

איז איינמאל אן ארימאן'ס א זוהן צום פריזיוו געשטאנען. געטאָר א קאליקע געוועזען, און איז אין פאוויאט געפאָהרען מיט א זיכערען בטחון באפרייט צו ווערען, האָט מען אבער סאלדאטען גע־דאַרפט, מען האָט די באשטימטע צאהל געמוזט באקומען.

"גאָדיען" האָט דער דאָקטאָר אויסגעשריהען, און אלע האָבען צו געשטימט. שפעטער האָט איהם מיקישאוו פארשיקט אין א שטאָדט. וואָס דער יונגערמאן האָט קוים דעם נאמען געקענט נאכזאגען. דער טאַטע זיינער איז צוערשט ווי צוטומעלט ארומגעגאנגען, דאן האָט דער שטאָטישער משכיל פאר איהם א פראשעניע אין גובערניע

אנגעשריבען, און דערצעהלט ווענען די פיעלע זעק מיט גאלד, וואס מיקישאוו האט אנגעשאטען פון די לינקע געשעפטען.

אין א שעהנעם טאג זענען מענשען מיט מאדנע שליפעס פון דער הויפט - שטאדט אהין אראפגעקומען. מען האט מיקישאוו'ן אונטער א קאנוואי אוועקגעפיהרט. די מעקלער נאך סיביר פארשיקט, און טאטעס פון דערוואקסענע קינדער, וועלכע האבען מיקישאוו'ן אויסלייז - געלד באצאהלט, פארמשפט צו דיענען פון דאס ניי. פיעלע האבען די שווערע שטראף ניט געקענט אויסהאלטען. שוין צו אלט פאר דער ביקס געוועזען, גלייך געהן מעהר ניט געקענט. זענען זיי אין דער פרעמד אפילו צו קבר ישראל ניט געקומען. אויף אנדערע האבען זיך גוטע מענשען דערבארעמט. זיי פון גויאישע הענד אויסגעלעזט, און מיט דער הילף פון שווארצער, זיי אויף דער צוויי־טער זייט גרענעץ אריבערגעפיהרט.

צווישען די, וואס האבען זיך אויף אזא אופן אריבערגעכאפט אויף דער צווייטער זייט, איז אויך אברהם אליהו דעם שוחט'ס גע־וועזען, ער האט זיך נאך פיעל מאטערניש אויפ'ן וועג קיין קראקא דער־שלאגען, און שבת דארטען גומל געבענשט, וואס ער איז נצול געווארען פון גויאישע הענד.

לאנג האט זיך אברהם אליהו מיט דער דעה געשלאגען, וואס ער זאל טאן, אבער ווען דער שווער האט פאר איהם פון דעם רבין רב שמחה'ן ווארקער א ברכה באקומען, און א בריוועל מיט געלד איז דערהאלטען געווארען, אין וועלכען דער שווער האט איהם גע - שריעבען, אז "ער זאל לעבען" הייסט פאהרען, און אז ער וועט זיכער מצליח זיין, איז ער אין דער האפען שטאדט אוועק. ערב שבת זיך אויף א שיף געזעצט, אויפ'ן שיף גאנצע דריי וואכען הערינג און קארטאפעל געגעסען, און אין דער שטאדט ט. אנגעקומען, שפעטער נאך ווייב און קינדער געשיקט, און דאנקען גאט, ער האט ניט אויף וואס חרטה צו האבען. די פירמע פון א. פינקעלשטיין און זיהן, וואס האנדעלט מיט "רעגס, באטעלס ענד סקרעפ אייראן", הערט זיך גאנץ ווייט ארום. אזוי, אז מען מוז האלטען אין איין צובויען נייע בנינים פאר'ן געשעפט אויפ'ן לעדיגען לאנד, וואס זיי האבען נאך אינ'ם געגענד באקאנט אלס דער "וואסער - פראנט".

## ד.

געקומען איז אברהם אליהו קיין ט. ווייל דארט האט זיין ווייב משפחה געהאט, אמת ווייטע קרובים, אבער דאך אייגענע.

ט. איז נאך דאמאלס אזא גרויסע שטאדט ניט געווען, ווע־ניג מענשען געהאט, אבער דערפאר האט זי אויך וועניגער אידען פאר־מאגט, קוים עטליכע מנינים געצעהלט, און ווי דער קרוב האט איהם ערקלעהרט, איז דאס א מעלה, ווייל וואס קלענער דער עולם, אלץ גרעסער די שמחה, און מען קען גיכער האבען א ״טשאנס״ ארויפצו־ארבייטען זיך. אברהם אליה., וועלכער האט אין דערהיים א ווייב און קינדער געלאזען, האט גאנץ לייכט משיג געווען דעם קרוב׳ס פילאזאפיע, וואס עס מיינט ארויפארבייטען זיך.

דער קרוב האט איהם די ערשטע עטליכע דאלאר אויסגעליהען, געגאנגען מיט איהם אין ״סיטי האל״ א ״לייסענס״ קויפען, א וועג־נעלע אויף צוויי רעדלאך איינגעשאפט, דעם מסחר אויסגעלערנט, דעם מסחר צו וואס אלע אנגעקומענע האבען זיך דאמאלס גענומען, די נויטיגע ענגלישע האנדעלס ווערטער מיט׳ן נגון, מיט איהם איינגע־חזר׳ט, און אין עטליכע טעג נאך זיין אנקומען, האט אברהם אליהו וועלכער האט שוין יעצט ״אייב״ געהייסען א ״פושקארט״ איבער די גאסען פון ט. געפיהרט. אין די טירען פון די הייזער אנגעקלאפט און מיט א טרויערדיגען נגון אויסגעזונגען ״עני רעגס, עני באטעלס. אלד אייראן״.

אין אנהויב איז איהם שווער געווען צוצוגעוואוינען זיך צו זיין ניי געשעפט. ביים טאטען דעם שוחט האט ער זיך ניט פארגע־שטעלט, אז ער זאל אמאל ווערען א שמאטע - קלייבער. נארען זיך אין יענעמס מיסט. און נאך דאנקען דערפאר. וואס מען ערלויבט עס איהם. שפעטער ביים שווער אויף קעסט. און נאכדעם ווי ער האט פארזיך א שניט - קראם געעפענט, האט ער אויך פון אזא זאך ניט געחלומט.

פיעל מאהל האט ער געוואלט בשעת זיינע טעגליכע שפאצי־רען איבער די גאסען פון ט. די ״פושקארט״ איבערלאזען, און אנטלויפען, אפילו אנטלויפען צוריק אהיים און געהן דיענען. אבער ער האט עס ניט געטון, און וואס מיעדער און א צובראכענער פלעגט ער זיך ווייטער שלעפען איבער די ט—ער גאסען. די ״פושקארט״ פאראויס און ער נאך איהר.

דער קרוב, צו וועמען די שמאטע פעדלער פלעגן זייערע אנ־
געזאמעלטע סחורות פארקויפען, פלעגט אפט מיט איהם איינטענה'ן
זיעגען די אוצרות וואס ליעגען באהאלטען אין דיעזען מסחר, מיט
ראיות איהם אויפצייגען, אז דאס זענען ניט קיין שמאטעס נאר
גאלד, און אז מיט השם יתברכ'ס הילף, וועט ער "אייב" זיך אויך
ארויפארבייטען ווי ער, און דעם קרוב'ס ווערטער האבען ניט פאר־
פעהלט זייער ווירקונג.

ער האט זיך גענומען צופאסען צו דער נייער לאגע, געטראכט
אז דער "מפרנס את העולם" האט אזוי געבראכט, מסתמא דארף אזוי
זיין, און אז ער וויל העלפען קען ער אפילו דורך דעם נישטיגס־
טען האנדעל עס טון.

און אברהם אליהו אדער "אייב", איז געווארען א פעדלער
בלב ונפש, ווייל וואס מעהר איבערגעגעבען דער זאך, האט איהם
דער קרוב געלערנט, האט געמיינט אלץ שנעלער ארויפצוארבייטען
זיך. ער האט זיך אין גאנצען ארייגעטאן אין זיין האנדעל, און
פון מאנטאג ביז פרייטאג געלעבט נאר אין דער וועלט פון שמאטעס
און אלטע־אייזען, ווייל ער האט שוין געוואוסט, אז וואס מעהר
פון דעם מין, האט געמיינט מעהר אויפ'ן ביכעל פון דער באנק, וואו
ער האט געשפארט זיינע פערהארעוועטע סענטען, לויט'ן קרוב'ס אנ־
ווייזונג.

די גאנצע וואך האט ער געלעבט אין זיין ניי וועלטעל, אבער
ווען עס איז דער פרייטאג־בייטאג אנגעקומען, האט ער זיך אין אן
אנדערער וועלט אריבערגעקליבען, א וועלט וואס איז געוועזען די
זעלבע, ווי דאס פריהעריגע לעבען זיינס דארטען, אין דער פון
איהם ווייטער היימישער שטאדט.

ארונטערוואַרפענדיג פון זיך דעם שטויב פון א גאנצער וואך,
און א דערפרישטער פונ'ם מרחץ, איז ער אין דעם מנין אוועק, וואס
האט זיך איינגעפונען אין א "דאונסטערז" פון א געדונגען הויז
דארטען איז זיך די גאנצע אידישע קהלה נאך א גאנצער וואך פון
צוזייט און צושפרייט זיין צוזאמענגעקומען.

די ארומיגע קריסטליכע שכנים פלעגען פארוואונדערט קו־
קען אויף די מאדנע העיות און קולות, וואס האבען זיך פון דעם
קליינעם שטיבעל ארויסגעריסען, און בשום אופן ניט געקענט פאר־
שטעהן, אז דאס זאגט מען א "דזשואיש פרייער".

געוואוינט האט ער אלס א "רומער" ביי יענעם, און פלעגט

ווערד דער וואך זיינע הצטרכות'ן ווי עס איז דורכשטופען. שבת אבער איז ער געוועזען דעם קרוב'ס אורח.

דער שבת איז געוועזען א היימישער מיט "שלום עליכם" און "אנעים זמירות" פרייטאג אין אוונט, און "קדוש" און א "ברוך יהוה יום יום יעמוס לנו" אויף צומארגענס. שבת בייטאג פלעגט זיך דער גאנצער מנין אין דעם "דאנסטערז" צונויפקלייבען, זיך וויזען די ברייוולאך, וואס מען באקומט פון דערהיים, רעדען פון די לעצטע נייעס, און הערען דעם שוחט — חזן'ס דרשה.

אמאל אין די ערשטע טעג פון זיין אנקומען, פלעגט איהם דער שבת ניט איינגעהען. און ער פלעגט זיך ארום דעם קרוב'ס באַלעבאטיש - געדעקטען שבת - טיש זיך דערמאהנען אין ווייב און קינד, וואס ווער ווייסט וואס זיי טוען יעצט. מיט'ן וואוקס אבער פון די ציפערען א י ן באנק - ביכעל, איז אויך דיעזע זארג פארשוואונדען. ווייל אלץ דערנעהנטערט האט זיך די צייט, ווען ער וועט שוין קענען אנהויבען וועגען "טיקעטס" מיראכטען.

שלעכט איז געוועזען מיט די זונטאגס, וואס "אייב" האט גע־מוזט האלטען אלס א צווייטען שבת. איבער'ן די נאסען קען מען דאן דאס וועגעלע ניט שלעפען, א טאג געהט אוועק מיט גאר ניט. און א טאג האט פאר איהם געמיינט זעהר פיעל, א גרויסען טייל פון דער הכנסה.

אבער סתם אוועק'בטל'ענען צייט איז אויך קיין פלאן ניט געוועזען. און ער האט שוין א פראגראם פאר'ן טאג ווי עס איז אויס־געארבייט. — ביי שחרית אין מנין זיך לענגער געזאמט. חוץ דעם א יום תהלים, און א מעמדות אריינגעכאפט. נאך צובייסען, דאס וועגעלע צורעכט געמאכט. די רעדלאך אנגעשמירט, צוגעקלאפט וואו מען האט געדארפט. דעם חשבון פון דער וואך אונטערגעצויגען. א בריוועל צו דער "זוגתי היקרה" אנגעשריעבען. און שפעטער אוועק צו דעם מיטינג פון דער סאסייעטי, וואס דער מנין האט געגרינדעט. און וואו דער קרוב, וועלכער איז געוועזען פרעזידענט. האט איהם פאר א "מעמבער" געמאכט.

אין אנהויב האט ער אפילו שווערלאך פארשטאנען, וואס דארטען קומט פאר, וואס ער האט דארטען צו טון. און ווארום הויבען עס אלע אן, וועלכע ווילען עפעס זאגען מיט "לײדיעס ענד דזשענטעלמען". — די צייט האט אבער איהרס געטון און אייב פינקעלשטיין האט זיך אין זיין נייער סביבה איינגעלעבט.

ווייב און קינדער זענען געקומען. מיט דער "פושקארט" האט ער זיך אויך צוזעגענט. דעם קרוב'ס טעאריע האט אויסגעהאלטען. דעם אמאליגען פעדלער אייב פינקעלשטיין געדענקט מען נור ווי א חלום. רערפאר אבער ווייסען אלע וועגען דער פירמע פון "רעגס. באטעלס ענד סקרעפ אייראן" פון א. פינקעלשטיין און זיהן.

ה

העָ־נאו־אי — — !
אמאל, אמאל, האבען דא אנדערע מענשען געלעבט.
זיי געלויבט און געבענשט דו שלעכטער מאניטא — אה !
זיי געבענשט גוטער און גרויסער גריקהי מאניטא — אה !
א לויב צו דיר מוטער הע־נאו־אי !
זיי געבענשט מוטער !
אמאל, אמאל, האבען זיך דא אנדערע קלאנגען געהערט
אמאל, האבען זיך אויך אנדערע תפלות צו די הימלען געריסען.
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאס איז געוועזען לאנג צוריק.
איידער דער בלייכער מענש איז אהער געקומען.
איידער דער ווייסער ברודער האט זיך דא באזעצט.
איידער דער פייער־מענש מיט'ן רויטען געזיכט איז פון דעם שלעכטען מאניטא־אה באשטראפט געווארען.
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

הע־נאו־אי !
צוערשט איז געוועזען פייער, און דאן וואסער.
פון פייער און וואסער איז די וועלט באשאפען געווארען, איבער וועלכער עס הערשען דער גוטער גריקהי מאניטא־אה און דער שלעכטער מאניטא־אה, דער הערשער פון דער פינסטערער הייל, וואוהין אלע נשמות ווערען צו אייבינער פינסטערניש פארשיקט.
און דאן איז געקומען הע־נאו־אי.
אין דער סאמע העכסטער וועלט, איז א שטורם געווארען, אזא שטורם, וואס איז פריהער קיינמאל ניט געוועזען, און וואס וועט קיינמאל ניט זיין. הימעל און ים האבען זיך באגעגנט, הימעל און ערד האבען זיך אנגעשטויסען, פעלזען זענען אין זאמד צושאטען

געוואָרען. און פון זאַמד איז שטויב געוואָרען.

און אין דעם שטורם, איז הע־נאַו־אי אויף דער וועלט גע־קומען.

ווען דער שטורם האָט אויפגעהערט, איז הע־נאַו־אי אויף א גרינעם אינזעל געלעגען, און געקוקט אין בלאָען הימעל אריין.

און אז זי איז הונגעריג געוואָרען, האָט זי פאַר זיך א וואַלד מיט ביימער דערזעהן. אויף די ביימער זענען ניס געוואַקסען. האָט זי איהר הונגער מיט די ניס געשטילט, און איהר דורשט מיט דעם וואַסער פון דער דערבייאיגער אנטאַריאָ געלאָשען.

אזוי האָט זי געלעבט אכציג טעג און אכציג נעכט.

אויף דעם איין און אכציגסטען טאָג האָט זי צוויי זיהן געבוי־רען. צוויי זיהן וועלכע זענען אין עטליכע שעה אין ריעזען אויסגע־וואַקסען.

האָבען זיך די זיהן א שיף אויסגעבויט. און אז די זון איז אונטערגעגאַנגען, האָבען זיי זיך פון דער מוטער אַוועקגעג'גנב'עט, און זענען פון דעם אינזעל אַנטלאָפען. און אז זיי זענען צום צווייטען זייט ברעג צוגעקומען, האָבען זיי דעם אינזעל און די מוטער שוין מעהר ניט געזעהן.

ביידע, דער אינזעל און די מוטער זענען פאַרשוואונדען גע־וואָרען.

ערשט מיט יאָרען שפּעטער, ווען דער בלייכער ברודער איז אהער געקומען, און זיך דאָ באַזעצט, האָט זיך דער גרינער אינזעל צוריק באַוויזען. און דער בלייכער ברודער האָט דאָרט א פאַרק צום שפּאַצירען געמאַכט.

דער אינזעל ־ פאַרק.

---

אזוי דערצעהלט "וויים אדלער" דער "טשיעף" פון די פאַר־בליבענע אַמאָליגע איינוואוינער.

און נאָך דערצעהלט "וויים אדלער".

פאַרנאַכט, ווען זיי קומען זיך צוזאַמען אין דעם פון ט. מיילען ־ ווייטען "רעזערוויישאַן", ווען עס ווערען איינגעשטילט די ליבּ ־ געזאַנגען און טענץ לכבוד נריקהי ־ מאַניטאָ ־ אה, און מידע צוזעצען זיי זיך אַרום די ברענענדע פייערען, וועלכע רייסען זיך אין דער נאַכט אריין, הויבט דאַן "וויים אדלער" אָן צו דערצעהלען די יונגע, וועגען דעם יחוס פון זייער שטאַם, און אז זיי וואַלטען

נאָך אויך יעצט די איינציגע הערשער איבער די גרין - בלאָע וואַסערען פון דער אנטאַריאָ געוועזען. ווען ניט די זינד פון דעם "משיעפ'ס" זוהן.

און ער דערצעהלט . . . . . . . .

"אַמאָל זענען דריי ברידער געוועזען. די זיהן פון דעם גרויסען "משיעף" "גאָלדענער פעדער". האָט איינער פון זיי חתונה גע־האַט מיט אַ שעהן יונג מיידעל. וועלכע ער האָט באַגעגנט אויף זיין באַזוך צום איראַקואָנער שבט.

איינמאָל זענען די דריי ברידער אויף יאַגד געגאַנגען. אויפ'ן וועג האָט זיך דער פאַרהייראַטער צו די אַנדערע צוויי ברידער אָנ־גערופען.

"מיר מוזען דער'הרג'ענען אַ בער. עס איז ניט שעהן אַז אַ "משיעפ'ס" אַ שנור זאָל ניט האָבען קיין בערען - פעל. אויף וואָס צו שלאָפען".

זענען די ברידער אַוועק זוכען אַ בער. און וואָו זוכט מען אַ בער אויב ניט אין וואַלד.

קומענדיג אין וואַלד, האָבען זיי זיך געזעצט אָפּרוהען אונטער אַ גרויסען בוים.

מיעד זענען זיי געוועזען. זענען די צוויי ברידער גלייך איינ־געשלאָפען.

איינשלאָפען האָט אָבער ניט געקענט דער פאַרהייראַטער ברודער.

אַ "משיעפ'ס" אַ שנור זאָל קיין בערען - פעל ניט האָבען.

ער האָט אויף זיין מיעדקייט ניט געקוקט. די ברידער ניט געוואָלט אויפוועקען. און איז אַליין נאָך טיעפער אין וואַלד אַריין, אַ בער זוכען.

האָט ער אַ בוים דערזעהן. און אויפ'ן בוים זענען דריי שעהנע מיידלאַך געזעסען. און מיט די אויגען צו איהם געוואונקען.

און שעהן זענען זיי געוועזען ווי הע־נאָ־אַי, זייער געזיכט רויט ווי פייער - צונגען. און מוסקולען. וועלכע קענען אַ שטורם איבערברעכען.

און לאַנגע האָר האָבען זיי אויף די קעפּ געהאַט. לענגער ווי די "קענוה'ס". אויף וועלכע זיי זענען אַרויסגעפאַרען.

ער איז באַצויבערט געוואָרען פון זייער שענקייט.

דאָס האָט דער שלעכטער מאַניטאָ־אָה אהער זיי געשיקט.

איהם אויסצופּרוּבירען, צו ער וועט טריי בלייבען זיין שבועה.

ווי פּייער האָט דער באדען אונטער זיינע פיס אנגעהויבען צו ברענען.

ער איז שוין ווייטער ניט געגאנגען, און אין דער בערען-פעל אויך פארגעסען.

מיט איין שפּרונג איז ער אויפ'ן בוים געווען, ארויפגעקלע-טערט שנעלער ווי די פלינקסטע וועווערקע.

און דארט האָט ער אין דעם ווייב פארגעסען, זיך דער תאוה איבערגעגעבען.

ווען אויף צומארגענס זענען די צוויי ברידער צום בוים צוגע-קומען, האבען זיי איהם א טויטען געפונען אויף א צווייג, הענגענדיג אויף דריי שטריק אויסגעפלאכטען פון פרויען האר.

דער שלעכטער מאניטא-אה האט געזיגט איבער דעם גרויסען גריקהי מאניטא-אה.

און פאר דיעזער זינד פון פארגעסען אין אן אייגען ווייב, איז אונזער גאנצער שבט באשטראפט געווארען.

אבגעטון האט זיך פון אונז אונזער מוט, שוואך איז געווא-רען די פייל פון אונזער בויגען.

באזיעגט האט אונז דער ווייסער ברודער

אבער גריקהי מאניטא-אה, און דער שלעכטער מאניטא-אה ווייסען, וואס זיי טוען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אזוי דערצעהלט "ווייס אדלער".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די גאסען פון ט. זענען גלייכע, און ציהען זיך אין דער לענג און ברייט פון שטאָדט אין פערפענדיקולארע ליניען.

קוקט דער הימעל ארונטער אויף ריין געפלאסטערטע און מיט בוימער באפלאנצטע גאסען. און אלעס דערצעהלט, אז די מענשען פון דער גרויסער שטאָדט ט. האבען אין דער ליעבער מוטער-נאטור ניט פארגעסען.

האט יעדעס הויז פון פארענט א גרינעם "לאון". דורכגע-פלאכטען דא און דארטען מיט בלומען - בייטען און בלומען - קעסט-לאך. עפענט מען א פענסטער אין הויז, טראגט זיך דער פרישער

גראז ־ ריח אין הויז אריין. עס זאל דער ריח פון פעלד די שטאדט מענשען ניט פרעמד בלייבען.

שטעהט א הויז אהן גראז צו דער גאס, קוקט עס ווי פאר־יתומ׳ט אוים, ווערט דאס הויז קלענער און קלענער, ווי עס וואלט געוואלט די בושה פארדעקען. פרעמדע מענשען זאלען עס ניט דער־זעהן, און ניט דערצעהלען, אז דאס הויז באשיצט א מענשען, וועמען גאט׳ס ברכה איז פרעמד.

ציהען זיך בולוואר ־ עהנליכע גאסען איבער דער גאנצער לענג און ברייט פון שטאדט, פון ביידע זייטען מיט בוימער און גראז פארזעצט, זעהן זיך וועראנדעס, וועלכע ווערען פון צווייגען און בלעטער פארשטעלט, קוקט די שטאדט ווי א גרויסער וואלד אויס, א וואלד, אויף וועלכען א ליכטיגער הימעל קוקט ארונטער.

ציהט זיך דער וואלד, און אין וואלד האט יעדער זיין ווינקעל.

איז די שטאדט חוץ און גאסען, אויך אין קווארטאלען צו־טיילט. האט זיך יעדער זיין קווארטאל, וואו ער בויט זיין נעסט, און וואו ער טוליעט זיך צו.

ציהט זיך ט. פונ׳ס וואסער פראנט אלץ העכער און העכער, בארג ארויף, העכער און העכער, ביז דעם סאמע שפיץ פון די בערג, וועלכע זענען ט־ס צפון גרענעץ. און וואס העכער, אלץ שעה־נער דער קווארטאל, אלץ גערוימער און קונסטפאלער די הייזער, זעהן זיך דארט אלץ מעהר אויטאמאבילען פאר די וואוינונגען, און אויך דער געלעכטער איז דארט הילכיגער און קלינגענדער, ווי דאס לעבען וואלט נאר א שעהן געזאנג געוועזען.

און דער קווארטאל פונ׳ם בארג ווייסט ניט די שמערצען און טראגעדיעס, וועלכע שפיעלען זיך טעגליך אפ אין און ארום וואסער־פראנט, וואו די הויכע קוימענס שיקען שווארצע רויך ־ קנוילען צום הימעל, און וועלכע דרעהען זיך און ווערען פארשוואונדען ארום די וואסערען פון דער אנטאריא.

ו.

צווישען דעם וואסער ־ פראנט, דארט וואו די פאבריק קוימענס, ווילען זיך אין הימעל אריינרייסען, און דעם "בארג", מיט די פיעלע פאר די הייזערדיגע בלומען ־ וואזאנען און אויטאמאבילען, איז דער "ווארד".

דאס איז דער וואוינונגס ־ פלאץ פון די איינגעוואנדערטע.

פון די. וועלכע "מאכען א לעבען" פון ארבייט אין שאפ, אדער פון קליין - קרעמעריי און פעדלעריי.

דא זענען שוין וועניגער גראז און בוימער פאר די הייזער פארהאן, די הייזער זענען עלטערע. נידעריגער, און די אויטאמא - בילען זענען דא זעלטענער, סיידען מען דארף זיי דא, אויף "א לעבען צו מאכען".

אפילו די שטאָדט - היטער, וועלכע גיעבען איבעראל אכטונג אויף דער ריינליכקייט פון די גאסען, פארגעסען זיך אויך אין דעם "וואחר", און די איינוואוינער פון "וואָרד" ווייעדער, זענען צו ארעם און צופיעל פאריאגט און פארנומען, צו קענען מקפיד זיין אויף דעם.

צופיעל זארג פארשאפט זיי די "דאגת החיונה". אז זיי זא־לען זיך קענען וועגען אזעלכע זאכען קימערען.

די זון הויבט אויפ'ן "וואָרד" ניט אן פריהער צו שיינען ווי אויף די איבעריגע קווארטאלען פון שטאָדט. דאך הויבט זיך דער טאג דא, פיעל פריהער אן, און אז דער "בארג" איז נאך פארטונ־קען אין א זיסען שלאף און גליקליכע חלומות, נאך א נאכט פון פארגעניגען, גרייט זיך שוין דער "וואָרד" צום טאג פון ארבייט, צום גרויען וואכעדיגען טאג, וועלכער ציהט זיך אזוי לאנג, אזוי לאנג.

אויפ'ן ווייטען האריזאנט, דארט ווייט, וואו דער הימעל קומט זיך מיט'ן וואסער צוזאמען, האט זיך ערשט דער מארגענשטערען באוויעזען. די נאכט קעמפט נאך מיט'ן טאג. עס באווייזט זיך א פייעריל אין איין פענסטער, אין א צווייטען, א דריטען, אין א גאנצע רייהע, דאס גרייט מען זיך צום טאג.

א טיר עפענט זיך. א גרופע איטאליענער, יעדער באלאדען מיט א "שאוועל" און "פיק" אויף די פלייצעס, באווייזען זיך. זיי רעדען שנעל, רעדען מיט די אויגען, מיט יעדען גליעד. זיי איילען זיך. זיעבען א זייגער דארפען זיי שוין זיין ביי די "טרעקס" אוי־סער'ן שטאָדט, און די שווארצע "מיטאג - קעסטלאך", וועלכע זיי טראגען מיט זיך דערצעהלען. אז דאס קלייבען זיך די קינדער פון דער זוניגער איטאליען, אויף א גאנצען טאג פון "וואָרד" ארויס.

אויפ'ן גאס, וואו א שטילקייט האט די גאנצע נאכט גע - הערשט, הויבט אן צו ווערען לעבעדיגער.

די נאכט איז צו ענדע.

וויבער לויפען אין די נאהענטע "גראסעריס", פאר מאן און קינד עסען איינצוקויפען.

און עלטערער איד, וואס דאנקט גאט, דערהפאר, וואס ער קען נאך פון אייגענער פראצע א לעבען מאכען, טראגט זיך מיט א טלית־זאק. דאס געהט ער אין דער דערבייאיגער שוהל, מיט מנין דאווענען. ער מוז פריה אויפשטעהן, א שעה פון קארגען שלאף אפרייסען, אין "שאפ" מוז מען זיין אין צייט.

א צוטומעלטער "אפערייטאר", וועלכער האט אפילו קיין צייט ניט געהאט דעם קאלנער צו פארשפיליען, לויפט מיט איין ארבעל פונ'ם ראק אנגעטהון, און דער אנדערער שלעפט זיך נאך. דאס לויפט ער אן "אווערטיים" מאכען. די פאמיליע איז גרויס, די פארדיענסטען ניט איבעריג, מוז ער א שטיק פון דער נאכט צום טאג צושטיקעווען.

דא און דארט באווייזט זיך א פעדלער ,וועלכער איילט זיך צו זיין מסחר. עס עפנען זיך די קראמען. די שורות מענשען אויפ'ן גאס ווערען געדיכטער, ענגער.

עס קלינגען די קארס מיט די ווי הערינג איבערגעפילטע מענשען. אלעס איילט זיך. שווארצער ווערען די קנוילען רויך, וואס רייסען זיך פון די פאבריק קוימענס ארויס, דער טאג פון ארבייט און שאפען איז אין פולען גאנג.

אויף דער גאס הויבט אן שטילער צו ווערען, עס ווערען שיטע־רער די מחנות פון פארבייגעהער.

די פאבריקען ביים "וואסער פראנט", האבען דעם "ווארד" איינגעשלונגען.

דער לעצטער שאטען פון דער נאכט איז ווי מיט אמאל פאר־שוואונדען געווארען. דער הימעל איז שוין יעצט קלאר.

ווידער עפנען זיך די טירען פונ'ם "ווארד" ; אויפ'ן גאס ווערט א טומעל.

א גרופע קינדער קלייבען זיך ארום א "קענדי סטאר", טרא־גען די סענטען פאראויס, און פארלאנגען "ליקריש", "קארמעלס".

עס צוקלינגען זיך די גלעקער ארום די "פאבליק סקוהל'ס". דאס ורפט מען די קינדער צו זייער טעגליכער לעהרע, די קינדער לויפען געשווינד אין שול אריין, די גאסען ווערען לעדיג, און א מיעדע שטילקייט באהערשט ווידער דעם "ווארד".

טויט זענען יעצט די גאסען פונ'ם "וואָרד". יעדער איז פאַר־נומען מיט זיינע טאָג־זאָרגען.

ארום דעם "ארבייטער טעמפעל" קלויבען זיך ארבייטסלאָזע און סטרייקענדע ארבייטער צונויף.

באַלד וועט דאָרטען זיין א פאַרזאַמלונג פון די סטרייקענדע ארבייטער פון דער פירמע א. פינקעלשטיין און זיהן, וועלכע האַנ־דעלט מיט "רעגס. באַטעלס, ענד סקרעפ אייראָן".

## ז.

ט. איז א שטאָדט פון ארבייט, און ט. איז דער צענטר פאַר פיעלע שטעדט און געגענדען ארום.

ט. ארבייט ניט נור פאַר זיך אליין, נאָר די באַהן - צוגען צוטראָגען אויך איהרע אויסגעארבייטע סחורות איבער'ן גאַנצען לאַנד, וועלכעס ווערט נעקושט פון ביידע זייטען פון די ברויזענדע וואַסערען פון די אַטלאַנטישע און פאַסיפישע אקעאַנען.

קליידען זיך די שעהנע יונגפרויען און שמאַלצע "קענאַקס" פון די מערב "פּריירים" אין די סחורות, געוועבט אין די ט־ער שפּינערייען, און די לאָקאָמאָטיווען, געמאַכט אין ט. צופיהרען זיי, איבער דער לענג און ברייט פון לאַנד.

רוישען און רויכערען די שנעל - צוגען, סאָפּען און קרעכצען די לאָקאָמאָטיווען, וועלכע פיהרען ארויס ט־ס פּראָדוקטען, קנאַקט עס אונטער די הייץ - קעסלען, ווען עס שטעהט פאַר אזא לאַנגע רייזע, דורכצורייסען זיך דורך די פון אויבּיג אָן פעלזיגע, שטיינער־דיגע "ראַקיס", און וועלכע דאַרפען פון דער "וועסט" צוריקברענ־גען גאָט'ס שפע, ווייץ און קאָרן, בהמות און שאָף, צו צומאַהלען עס אין די ט־ער מיהלען, צו שלאַכטען זיי אין די ט'ער שלאַכט הייזער, אום די ריעזיגע ט. זאָל ניט הונגערען, אז די מענשען פון די שפּינערייען און אייזען - גיסערייען זאָלען כח האָבען צו נאָכפאָלגען זייער טעגליכע באַשעפטיגונג.

איז ט. די גרעסטע אינדוסטריע שטאָדט אינ'ם לאַנד געוואָ־רען, רוישען די באַהנען, רויכערען די שיפען, וועלכע העלפען איהר צו, דעם אנגעזעהענעם פּלאַץ צו פאַרנעהמען.

זענען די אידען געקומען, און האָבען זייער חלק, זייער טייל צו ט־ס רייכטום בייגעטראָגען.

פון די געטאָס אין רומעניען און גאַליציען, פון די שטעדט אין

פוילען און ליטא, האבען זיך מחנות אידען אהער געצויגען, ווייל געהערט האבען זיי, דארט, אין זייער אלטער היים. וואו אויך די הימלען ווייגען אויפ'ן אידישען בראד, אז ט. איז א שטאדט פון ברויט און פלייש, וואו מען קען צו דער זאט אפעסען, וואו מען קען ארבייט פאר די הענד געפינען.

זענען זיי אהער געקומען, צוערשט האט מען איינעם פון דער פאמיליע אהער אריבערגעשיקט, וועלכער איז אלס "מרגל" געקומען, שפעטער האט מען נאך פאמיליע געשיקט, ווייב און קינד ארי-בערגעבראכט, אלטע פאטער און מוטער אריבערגענומען, און די ט-ער קהילה איז געוואקסען.

האבען די ט-ער אידען פלעצער אין דער געטראפענער אינ-דוסטריע און האנדעל פארנומען, און אויך נייע געשאפען.

די ט-ער אידען האבען ריעזיגע שניידער - פאבריקען אויס-געבויט און קראמען געמאכט, און דעם פריהערדיגען נישטיגען מסחר פון "רעגס, באטעלס ענד אלד אייראן" צו גרויס - האנדעל ענט-וויקעלט.

זענען די יונגע אין די שעפער אוועק, זיך אויסגעלערנט "ביים מאשין" ארבייטען. מענער און פרויען קליידער אויפ'ן מאשין נע-נייט, און האט שבת דער זייגער צוועלף געשלאגען, האבען זיי גע-וואוסט אז די וואך פון ארבייט איז צו ענדע, אז עס קומט יעצט און א טאג און האלב פון רוה, אז ביז מאנטאג פריה קענען זיי זיך וויד-מען בלויז דאס לעבען.

האבען די עלטערע דעם שבת ניט געוואלט פארשווערען, אזוי פיעל יארען געלעבט, און א איד געוועזען, קיינמאל ניט מחלל שבת געוועזען, און דא מוז מען אויף די עלטערע יארען שבת אין שאפ ארבייטען, אין פאבריק פינסטערען, שבת ארבייטען, און א גלות ווערען, די התימות זקן פארלירען.

דערצו זענען אויך געגוג כוחות ניט פארהאן פאר דער שאפ. אין דערהיים קיינמאל ניט געארבייט, ניט געוואוסט וואס עס הייסט מלאכה, זענען זיי אין שאפ ניט געגאנגען, און פעדלער געווארען.

מען קען אויספיהרען א איד צו בלייבען. קיינער צווינגט ניט מחלל שבת צו זיין, און דער אידישער סימן קען אויך בלייבען, אי די פארדיענסטען זענען ניט גרויס. איז אויך ניט צו פארזינדיגען, אבי געזונד, און עס איז דא, וואו דעם מיעדען קאפ אנצושפארען און צו דער זאט אבצועסען.

האָבען אָבער אנדערע אין פרעמדע טירען ניט געקענט קלאַפּען, ניט געקענט פּועל׳ן ביי זיך, גאָרען זיך אין יענעמס מיסט. געקוקט אויף דעם, וואָס מען פּאַרקויפט זיי אביסעל "אלטווארג", ווי מען שענקט זיי א נדבה, האבען זיי די שטופּ - וועגעלאך פאַרלאָזען, און אין די "רעג - שאָפּס" אוועק.

די ארבייט איז ביי א אידען, אי מען ארבייט ניט שבת, אי מען דאַרף ניט האָבען צו טון מיט די "גוי׳עס", און מען דאַרף אויך ניט דרעהען דעם צונג אויף דער פרעמדער שווערער שפּראַך. האָט מען דעם קאָפּ געבויגען, צופריעדען געוועזען מיט וועלכען עס איז פּאַרדיענסט, אבי א איד צו קענען בלייבען.

האָבען די בעלי בתים, אליין געוועזענע פּעדלער, געוואוסט פון דעם און געזעהן, אז דער לוין זאל זייז קוים גענוג אויף "דורכצולעבען זיך מיט מאַטערניש". און דערוייל זענען דערפון זייערע רייכטימער געוואַקסען.

האָט א "באָס" וואָס מעהר מענשען באַשעפטיגט ביי סאַרטי־רען די אלטווארג, שמאטעס, און אלטע אייזען, איז די שאָפּ פאַרגרעסערט געוואָרען, דער קרעדיט אין באַנק געשטיגען. האָט מען אנגעהויבען טראַכטען וועגען ארויסקלייבען זיך פון׳ם "וואַרד", וועגען איבערציהען אויפ׳ן בארג. האָט מען אין קהל׳שע ענינים אנגעהויבען א ראָליע צו שפּיעלען, אין פּאָליטיק זיך צו מישען. אין דער רייכערער געזעלשאַפט אנגעזעהן געוואָרען.

איז מיט דער צייט דער האנדעל פון "רעגס, באַטעלס ענד אלד אייראָן" נאָך מעהר אויסגעוואַקסען, און די פירמע א. פינקעל־שטיין און זיהן האָט דאַרטען דעם אויבענאן פארנומען, ווייל אפּגע־גליקט האָט עס אברהם אליהו דעם שוחט׳ס.

צוגעהאָלפען דערצו האָבען איהם זיינע אייגענע מעטאָדען, וועלכע ער האָט טיילווייז ביים קרוב אויסגעלערנט, און טיילווייז אליין אויסגעפונען.

אברהם אליהו האָט גלייך ווי ער איז "באָס" געוואָרען אנ־געהויבען צו באַשעפטיגען נאָר לאַנדסלייט. איז מיט יעדען איינעם אויף "דו" געוועזען, און ניט געערדט צו זיינע ארבייטער מיט דעם

טאָן פון אַ בעל הבית, נאָר פון אַ היימישען חבר, פון אזעלכען, וועל־כער איז תמיד גרייט אַ באקאנטען און אַ חבר אַ טובה צו טון.

"דו מיינסט, איך דאַרף דיר". פלעגט אברהם אליהו טענה'ן, ווען ער האָט אנגעשטעלט אַ נייעם מענשען. "שלעכטע צייטען, אז היינט דערלעגט מען אפילו צו די מענשען. וואָס מען האָט שוין, ובפרט אז מען שטעלט נאָך אן אַ נייעם, אַ "גרינעם". אבער מען איז דאָך אַ איד. איך קען דאָך עפּעס דיין משפחה. נו, וועל איך דיר לאָזען געהן אין אַ שאַפּ אריין. וואו דו זאָלסט דאַרפען ארבייטען אום שבת. זאָל שוין זיין ווי גאָט וועט געבען, מיר'ן שוין זעהן" —.

האָט דער גרינער לאנדסמאַן, אן עלטערער מענש, באמת גע־גלויבט, אז דאָ טוט ער אים טאָקע אַ טובה, און אז ער וואָלט עס געוויס ניט געטון, ווען ער וואָלט איהם ניט געקאַנט פון דערהיים. האָט ער גענומען, וויפיעל מען האָט געגעבען, און אז מען שטעהט שוין, גליסט זיך ניט צו בייטען קיין פלעצער, ווייל ווער ווייסט צו מען וועט אויפ'ן נייעם פלאַץ בעסער מאַכען.

זענען געשטאַנען הונדערטער לאנדסלייט, געקליבען און סאָרטירט דאָס אלטוואַרג, געוואַשען די שמוציגע פלעשער, און גע־פּאַקט אין וואַנאַנען דאָס אלטע אייזען, געלויבט השם יתברך, וואָס ער שיקט זיי צו זייער שפּייז דורך רב אברהם אליהו'ן, און צופריע־דען געוועזען וואָס אויך אין דער ווייטער קאנאדע קען מען אַ איד בלייבען.

איז מען געשטאַנען און צופריעדען געוועזען. אין דערהיים האָבען זיך די פרויען די קעפּ געבראָכען, ווי אַזוי אויסצוקומען אין באלעבאַטישקייט מיט די קאַרגע פאַרדיענסטען. האָט מען פון אַ מלבוש אבגעשפּאַרט, אין וואוינונג ענגער געמאַכט. "באָרדערס" אריינגענומען, אהיימגענומען ארבייט פון אַ שאַפּ. זיך פון פיעלע נויטיגקייטען ענטזאָגט, און זיך דורכגעמאַטערט וואָך איין וואָך אויס.

און געצויגען האָט זיך דאָס גראָע לעבען פון די הונדערטער לאנדסלייט, ווי עס וואָלט גאָר קיין סוף ניט געוואָלט נעהמען.

איז די וועלט - קריעג געקומען, דער יקרות געשטיגען. אר־בייט איז געוועזען אַ סך, און ארבייטער ווייניג, די שיפען האָבען קיין נייע "גרינע" ניט געבראַכט, האָבען די ארבייטער אגיטאַטאָרען פון

די אנדערע פּאַכען, זײ אויף דער צרה'דיגער לאַנגע אנגעצייגט.

האָט מען א הוספה געבעטען געבעטען אין אַלע שעפּער. אבער דער "קעניג" אברהם אליהו איז איינגעשפּאַרט געווען. האָט די פירמע פון א. פינקעלשטיין און זיהן ניט דערלאָזען. אז מען זאָל די הוספה געבען, איז א סטרייק ערקלעהרט געוואָרען אין אַלע "רעג" שעפּער. האָבען די "לאַנדסלייט" און אַנדערע ארבייטער א "יוניאָן" געשאַפען, קלייבען זיך יעצט די סטרייקענדע ארבייטער צו א פּאָר - זאַמלונג צוזאַמען

טומעלט זיך ארום דעם "ארבייטס - טעמפּעל". וואו די מחנה פון נייגעריגע מישט זיך צוזאַמען מיט די סטרייקער. וועלכע זענען געקומען געוואָר ווערען — "וואס עס הערט זיך?".

## ח.

אין דעם גרויסען זאַל פון דעם "ארבייטס - טעמפּעל" איז יע־דער פּלאַץ פאַרנומען.

געקומען זענען אהין די סטרייקער מיט זייערע פאַמיליעס, חוץ א מאַסע פון נייגעריגע. מאַנכער איז מיט פרוי און קינד געקומען. און ווער עס איז אהער באַגלייט געוואָרען פון א ברודער אדער שוועס־טער, וועלכע ארבייטען גראַדע דעם טאָג ניט, און זוכען דאָרום א געלעגענהייט וואו אפּצו'בטל'ענען דעם ערשטען האַלבען טאָג, ווייל די "מואוויס" און די וואָדעוויל - הייזער עפענען זיך ערשט איינס בייטאָג. די היץ איז גרויס, און אינ'ם זאַל פון דעם "ארבייטס - טעמ־פּעל", איז חוץ דער היץ אויך שטיקענד, פון דעם פּיעלען ביליגען טאַבאַק, וועלכער ווערט דאָ אויסגערויכערט. דרעהען זיך די קנוילען רויך פון די פּאַפּיראָסען און ליולקעס, דרעהען זיך אין שוואַרצע בייגעל צוזאַמען, וויקלען אַלע און אַלעם איין, ווי דער רויך וואָלט זיי געוואָלט צודעקען פאַר דער אויסערליכער וועלט.

אויף דער פּלאַטפאָרמע, פון וואַנען די ארבייטער אגיטאַ־טאָרען דאַרפען עס באַלד ערקלעהרען ווענען די לעצטע פּאַסירונגען ארום דעם סטרייק, זיצען אויף גלייכע שורות שטוהלען אויסגע - זעצט די "פיהרער" און די פאָרשטעהער פון די ארבייטער ארגאַניזאַ־ציעס, וועלכע זענען אהער געקומען פאַרשפּרעכען אין נאָמען פון זייערע שיקער יעדע הילף צו די סטרייקער, וועלכע וועט נאָר נוי־טיג זיין.

א קלאפּ מיט'ן האַמער זאָגט אָן, אַז די פאַרזאַמלונג איז ערעפענט.

אין זאַל ווערט נאָך ענגער, און נאָך געדיכטער ווערט די לופט. די אין דרויסען שטעהענדע גרופּען, האַקען איבער זייער געשפּרעד אין דער מיט, שטויסען זיך, צו פאַרכאַפּען א פּלאַץ אויבען אַן, נאָהענט צו דער פּלאַטפאָרמע. עטליכע מינוטען נעהמט, ביז וואַנען דער טומעל ווערט ענדליך איינגעשטילט, און איבער'ן זאַל צוטראָגט זיך דאָן די שוואַכע שטימע פון דעם פאָרזיצענדען, א איד א סטריי־קער, וועלכער איז פריהער געווען א גאַנצער חשוב ביי מר. פינקעלשטיין.

"ברידער", ציטערט זיין שטימע, ווי ער וואָלט מורא געהאַט פאַר דעם, וואָס ער האָט זיי ווייטער צו זאָגען, "ווייסט, אַז עס האַלט ניט גוט, מ'קען זאָגען גאַנץ שלעכט. איך און דער "אָר־גאַנייזער" פון דער שניידער יוניאָן זענען נאָר וואָס געווען ביי איהם, איהר ווייסט שוין ביי וועמען, און מען האָט אונז אפילו ניט געוואָלט צולאָזען צו איהם. עס האַלט שמאָל, און איך ווייס אליין ניט, וואָס מ'טוט . . . . . . עס איז דאָך קיין פּלאַן ניט סתם סטרייקען . . . . . מיר דאַרפען דאָך עפּעס האָבען, און אַז מען אַרבייט ניט, האָט מען טאַקע ניט קיין "פּיידע" . . . . . . . איך מיין, אַז מען האָט געמעגט א טראַכט טון . . . . . . . . אַביסעל אַהער, אַביסעל אַהין, מיר זענען דאָך עפּעס אידען, און מ'קען דורכקומען . . . . . .

אין זאַל הערשט א שטילקייט, אָבער מיט אַמאָל איז ווי דורך א דונער די שטילקייט איבערגעבראָכען געוואָרען.

"עה, פעטער מ'קען אייך" — צושרייט זיך א איד, וואָס זיצט לעבען דער פּלאַטפאָרמע, און וועמענס פּנים דערצעהלט, אַז ער איז ניט פון די שעמעוודיגע, "מען האָט אייך שוין אונטערגע־שטופּט אין יד אריין, אַזוי, א רוח אין אייערע ביינער אריין, פאַרקויפען ווילט איהר אונז, אַז ניט דערלעבען וועט איהר עס. מסתמא צוגעזאָגט פאַר "פאָרמאַן" צו מאַכען, אַבי מיר זאָלען צוריק־געהן צו דער אַרבייט, אַזוי, אויף אונזער בלוט ווילט איהר זיך אַרויספאַרביימען. שעהן אויסגעפיהרט. וואַכען ווי מיר ווערען גע־שוואָלען פון הונגער, און דאַ נאָך דערצעהלט מען אונז, אַז מען האָט געמעגט א טראַכט טון, ניט אומזיסט האָט מען מיר נעכטען דער־

צעהלט, אז אונזער "טשערמאן" האלט ביי קויפען א הייזקעלע, נייז, פון על חטא ווערט מען ניט פּטר".

אין זאל איז געווארען א טומעל. שטוהלען האבען זיך אנגע־הויבען רוקען אהין און אהער. הענד האבען זיך געהויבען אין דער לופטען, צוזאמענגעדרעהט אין קראמפּהאפטע פויסטען. אלע האבען זיך גערוקט צו דער פּלאטפּארמע, וואו דער "טשערמאן" איז געשטא־נען און געציטערט, מיט א פּנים בלייך ווי קרייד. הענד האבען זיך געריסען, זיך געשטופּט, געוואלט זיין פון די ערשטע. די פרויען און קינדער זענען אויף די שטוהלען ארויף, געזעהן צוצוהאלטען די זייעריגע, אז זיי זאלען זיך ניט אריינמישען.

אין טיר פון זאל האט מיט אמאל דער פון דרויסען שטעהנ־דער פּאליציימאן דעם קאָפּ אריינגעשטעקט.

דאס האט געווירקט. די הענט האבען זיך אנגעהויבען אראפּ־צולאזען, ווי זיי וואלטען פּלוצלונג פּאראלאזירט געווארען. די ליפּען האבען נאך עפּעס געמורמעלט, אבער זיי האבען ניט געוואגט ארויסצוזאגען דאס. וועלכעס האט אויפ'ן הארצען געדריקט.

די שלאנקע פיגור פון דעם שניידער ארגאנייזער האט זיך אויפגעהויבען, ער האט די "טשער" איבערגענומען, צו ארדנונג גערופען, און זיין טענאר - שטימע האט זיך צוטראגען איבער'ן גאנצען זאל.

"איהר מעגט זיך שעהמען אזוי צו האנדלען, זיך גאר כאפּען שלאגען", האט זיך געהערט, איבער יעדען ווינקעל פון דעם אי־בערפולטען זאל. "שעהמט אייך, גלייך פארקויפט מען זיך ביי אייך, ווייסט, אז אייערע "פיהרער" הונגערען צוגלייך מיט אייך, באַ־קומען ניט מעהר קיין סטרייק - בענעפיט, ווי איהר אלע באקומט. דאס וואס אייער "טשערמאן" האט אייך געהייסען דורכקומען, איז ווייל ער פארשטעהט די לאגע, דער סטרייק האט זיך פארצויגען, יעצט קען מען נאך עטוואס געוואונען, שפּעטער וועט ערגער זיין, די בעלי בתים זענען איינגעשפּארט, און די פּאליציי העלפט זיי צו, באשיצט זייערע סטרייק - ברעכער, און דאס האבען זיי א סך.

אויב מען האט יעצט ניט אלעס געוואונען, וועט מען עס באַ־קומען א צווייטען מאל, ווען איהר וועט זיין בעסער ארגאניזירט, און בעסער צוגעגרייט".

עטליכע מאל איז ער אונטערבראכען געווארען, אבער ער האט

זיך ניט פארלוירען. הפנים שוין געוואוינט געוועזען צו אזעלכע זאַ־
כען אין זיין לאנגער ערפאהרונג אלס יוניאן ־ פיהרער. ער האט
גערעדט לאנג, גערעדט מיט הארץ, אויפגעצייגט זיי, אז דאס איז
זייער ערשטער סטרייק, און אז אויב דורכ'ן סטרייק וועט זיי אפילו
געלינגען נאר א פעסטע יוניאן צו שאפען, איז עס שוין אויך א גרוי־
סער זיעג, ובפרט ווען זיי וועלען נאך געווים עפעס אויספיהרען פון
זייערע פארדערונגען.

זיינע רייד האבען געווירקט, האבען דעם פריהערדיגען חשד
פארטריבען, און געבליבען איז, אז מען זאל שיקען א פאר "פרא־
מינענטע" מענשען זיך זעהן מיט דער "אסאסיאיישאן" פון די בעלי
בתים, און זעהן דורכצוקומען.

ארויסגעהענדיג אויף דער גאס, האבען רעדלאר נאך לאנג גע־
אמפערט זיך וועגען סטרייק, מאנכע האבען נאך אלעם געוואלט, אז
דער סטרייק זאל אנגעהן ווי געוועזען, אבער ביי זיך האבען שוין אלע
געוואוסט, אז די טעג פון דעם סטרייק זענען געצעהלטע, און אז מען
וועט זיך גאר אין גיכען צוריקקעהרען צו דער ארבייט.

נאך אין זעלבען טאג, האבען זיך מר. מעקגערי, דער איירי־
שער "פאליטישען" פון ווארד און מר. גאווארין, דער אידישער
כלל ־ טוער געזעהן מיט מר. אייב פינקעלשטיין און אנדערע "מא ־
בערס" פון דער "באסעס אסאסיאיישאן".

זיי האבען זיך געפרובירט איינשפארען, געטענה'ט אז מען
דערלענגט, אבער מר. מעקגערי האט מעהר מיט'ן וואונק ווי מיט רייד
געגעבען צו פארשטעהן, אז עס וועט זיך לוינען, אז זיי דארפען זיך
ניט רייסען איבער א דאלאר, און מר. פינקעלשטיין האט פארשטא־
נען, וואס דער וואונק באטייט. דורכ'ן טאג איז אלעס ארראנזשירט
געווארען, אז די סטרייקער זאלען זיך אויף מארגען צוריקקעהרען צו
דער ארבייט מיט אן הוספה פון צוויי דאלאר אויף דער וואך.

---

עטליכע טעג שפעטער האבען מר. פינקעלשטיין און די אנ־
דערע גרויסע "דילערס" אפגעקויפט פאר א שפאס ביליגען פרייז
דאס אייזען פון עטליכע אלטע בריקען, וועלכע האבען געדארפט
ארונטערגעריסען ווערען. און פאר קיינעם איז קיין סוד ניט געווע־
זען, אז אין דעם שטעקט מר. מעקגערי'ס האנד.

# ט.

מר. מעקגערי איז דער אומגעקרוינטער קעניג פון דעם „וואַרד".

אזוי איז דער „וואַרד" איינגעטיילט אין פיעלע טיילען, און די אלע באזונדערע טיילען זענען צוקריגט צווישען זיך, פאר מר. מעקגערי'ן אבער, איז דאס איין פאראייניגט קעניגרייך, איין גרויסע מלוכה, וועלכע גיט איהם די מעגליכקייטען צו שטייגען הויך אויפ'ן פאליטישען לייטער.

ניט נור האָבען די פאליאקען, די איטאַליענער, די אידען, די כינעזער, און אלע אנדערע איינוואוינער פונ'ם „וואַרד" צווישען זיך קיין שייכות ניט, נאר יעדע נאציאנאליטעט איז אויך צווישען זיך פאנאנדערגעטיילט.

דער עמיגראנט פון דער זוניגער דרום־איטאַליען חבר'ט זיך גאנץ וועניג מיט זיין ברודער פון צפון, וועלכען ער האלט פאר צופיעל אריסטאקראט, דער פוילישער דארפישער איינוואנדערער, קען זיך גאר ניט צוזאמענרעדען מיט זיין שכן, וועלכער איז אהער געקומען פון דער פוילישער גרויס־שטאָדט, און אויך די אידען פון „וואַרד" קענען זיך ניט אלע צוזאמענקומען.

וואקסט די מחיצה אין דעם אידישען „וואַרד", און ווערט אלץ גרעסער און גרעסער.

אמאל זענען די אידען פון „וואַרד" צוטיילט געוועזען נאר אויף נוסח אשכנז און אויף נוסח ספרד, דאס איז אבער אמאל געוועזען, ווען דער אידישער „וואַרד" האָט דורכגעמאכט זיין ערשטע ענטשטעהונג, מיט זיין וואוקס זענען אבער די מחיצות און פונאנדערטיילונגען געוואקסען, און אין דער צוטיילונג איז אריינגעטראטען א נייע קלאסיפיקאציע.

דער „וואַרד" האָט זיך אנגעהויבען טיילען ניט נור לויט דעם נוסח פון די תפלות, נאר אויך לויט די לענדער, פון וואנען דער מענשען־מאטעריאל איז געקומען.

ווי קינדער פון א פרעמדער מאמען, אזוי ווי שטיף־קינדער, האָבען זיך די אידישע זיהן און טעכטער אין זייער נייער היים געפיהלט. אויפגעהאָדעוועט אויף אנדערע געוואוינהייטען און פיהרונגען, צוזעהענדיג אנדערע מנהגים און לעבענס־ארטען, האָבען זיי זיך אין גאנצען ניט געקענט פארשטעהן, גע־

קוקט מיט מיסטעריעזע אויפ'ן צוויטען, זיך אפגעזונדערט איז אז אייגענער וועלט, ניט געקומען אין באריהרונג מיט די איבעריגע, און אזוי איז דער תהום געוואקסען, טיעפער און גרעסער געוואַרען, ביז וואנען דער מרחק צווישען זיי איז אזוי גרויס געווארען אז אפטמאל ווען זיי האבען זיך אפילו שוין געוואלט פארשטעהן, האבען זיי עס אויך ניט געקאַנט.

האבען די פוילישע אידען חושד געווען, אז די ליטווישע שוחטים זענען ניט שטארק אפגעהיט ביי דער שחיטה און בדיקה, האבען זיי א רב מיט שוחטים פון דער היים אויסגעשריבען, א באזונדערע שוהל אויסגעבויט, און די פוילישע קהלה איז געשאפען געווארען.

אויף די פוילישע קוקענדיג, האבען זיך אויך די גאליציאַנער אידען אן אייגענע קהלה געשאפען, און אויך די אידען, געקומענע פון רומעניען, האבען מעהר אין שכנות ניט געוואלט זיין ביי די ליטווישע אידען.

זענען די באזונדערע קהלות געוואקסען, רעקרוטירט מיטגליעדער נאר פון זייערע אייגענע לאנדסלייט, און האט אמאל אהין איינער פון א פרעמד לאנד פארבלאנדזשעט, מיט אן אנדערען דיאַלעקט גערעדט, איז ער ווי א פארבלאנזשעט שעפעלע געווען.

יעדער רב, יעדע שוהל, האט זיך אויף דעם היימישען שטייגער געפיהרט, אבער נאר אין די אייגענע אינערליכע ענינים, צו אלע אנדערע אבער, זענען די באציהונגען ביי אלע קהלות געווען די זעלבע — מחלוקת און רייסערייען.

האט דער רב פון דער ליטווישער שוהל גע'פסק'ענט בשר, האט מען געמענט זיכער זיין, אז דער רב פון די רומענישע אידען וועט זאגען „טריף“, יעדער האט געזוכט דעם פרעסטיזש פון זיין קהלה אויפציהאלטען.

זענען פון טעג יארען געווארען, און דאס לעבען איז זיך זיין גאנג געגאנגען, מען האט זיך געלעבט באזונדער, מיט די אנדערע אין באריהרונג ניט געקומען, נאר ווען עס פלעגט אן עת צרה קומען אויף די אידען, א בלוט־בלבול, א פאגראם, אדער אן אנדער אומגליק, פלעגט מען זיך צוזאמענקומען, עטוואס טון פאר די געליטענע, הילף שאפען, און מען איז זיך ווידער צוגאנגען, ביז א צווייטען אומגליק.

יעדע קהלה איז זיך אין אלעם איהר באזונדערע וועג געגאנגען, נאר ניט אין דער פּאָליטיק.

די נייע אנגעקומענע און אפילו א סך פון די תושבים האט די פּאָליטיק גאנץ ווייניג אינטערעסירט, צו ווייניג זענען זיי מיט דעם לעבען פון דעם לאנד באקאנט געוועזען אז עס זאל זיי קענען אינטערעסירען רעגירונגס־פראגען. אבער עס האט געלוינט פאר די פּאָליטישע פירער, אז זיי זאלען וועניגסטענס צום שטימ־קאסטען קומען. דאן ווען מען האט נייע פארטרעטער אין דער שטאָדט־פארוואלטונג אדער לאנד־רעגירונג געקליבען, און זיי, די פיהרער האבען שוין אלע מיטלען באנוצט, אבי וואס מעהר בירגער ארויסצוברענגען, וועלכע זאלען שטימען פאר זייערע קאנדידאטען.

יעדער קווארטאל אין דיעזער שטאָדט פון ארבייט האט זיך איהר פיהרער, איהר פּאָליטישען „באָס", און אויף מר. מעק־געריס טייל איז אויסגעפאלען דער „ווארד".

מר. מעקגערי אליין קומט זעהר ווייניג א גאנץ יאהר אין אידישען קווארטאל, סיידען דאן ווען עס איז אויסערגעוועהנליך נויטיג, אבער זיינע באפעלען ווערען דורכגעפיהרט דורך זיינע אי־דישע העלפער, אויף וועמען ער קען זיך פארלאזען.

אין דער שטאָדט ט. מאכט מען ניט נאר א לעבען פון ארבייט און האנדעל, נאר אויך פון „פּאָליטיק". וועלכעס איז דא א געשעפט ווי אלע געשעפטען.

האָט איינעם דער „שאָפּ" דערעסען, און צו געשעפט האט ער פארמאגט ווייניג געלד. האט ער א „פּאָליטישען" אויסגע־זוכט, און זיך געשטעלט ביי איהם דינען. געזעהן איינפלוס צו באקומען, זיך געמישט אין קהל'שע אנגעלעגענהייטען. געזעהן צו זיין אויבען־אן ביי יעדער כלל־זאך, זיך געטומעלט אפילו דאמאלס ווען דער טומעל איז איבעריג געוועזען. און געזעהן אז אידען זאָ־לען שטימען פאר די קאנדידאטען, פאר וועלכע מר. מעקגערי הייסט שטימען.

און מר. מעקגערי האט קיין טובות ניט פארלאנגט.

האט ער אמאל ניט געקענט צאהלען מיט מזומן, איז דאן די באלוינונג געוועזען מיט „שוה כסף". און דאס האט שטענדיג געמיינט א פיעל גרעסערען לוין, וועלכען עס פלעגען באקומען נאר

די מיוחסים פון די העלפער, די וועלכע האבן די בעסטע רע־זולטאטען געבראכט.

אויך די וועהלער איז מר. מעקגערי קיין בעל חוב ניט גע־בליבען, און איז א וועהלער אין נויט געוועזען, איז א צרה זיך אריינגעדרעהט, פארפלאנטערט געוועזען צוליעב א געזעץ, האט זיך שוין מר. מעקגערי מיט די נויטגיע מענשען געזעהן, און די זאך צונישט געמאכט.

פאר מר. מעקגערי'ן זענען אלע טירען אפענע געוועזען, אין געוואוסט האט מען אז מען טאר זיך מיט איהם ניט איינ־רייסען, ווייל גרויס איז די מאכט, פון דעם ניט־געקרוינטע „יוארד" קעניג.

און מר. מעקגערי ווייסט גאנץ גוט ווי אזוי אנצופירען די געשעפטליכע זייט פון דער פאליטיק, צו וועלכען ער באנוצט זיך אפילו מיט מענשען וועלכע געהערען צו אנדערע פאליטישע לאגערען.

איינער פון זיי איז אויך מר. גאווארין.

ו

ביי ארימער טאטע־מאמע אין דער ליטווישער שטאדט ק. איז גאווארין געבוירען געווארען.

הערשעל שרה בער'ס האט אין זיין יוגענד פון קיין איבעריגע פארגעניגענעם ניט געוואוסט די פארדיענסטען פון זיין טאטען בער מנקר, זענען ניט געוועזען צו גרויס, אז הערשעל זאל זיך הארעווען אין לוקסוס.

בער מנקר האט אבער ניט געוואלט מאכען זיין זוהן פאר קיין בעל מלאכה, און דער יונגער הערשיל האט דארום פארבראכט די טעג אין אלטען בית המדרש, געהערט דעם שיעור, וועלכער פלעגט געגעבען ווערען צוויי מאל אין וואך אין דער "כנסת ישראל". די בארימטע ישיבה, וועלכע איז איינגעשטאנען אין א פארשטעטיל פון ק. הערשיל האט א גוטען קאפ געהאט, שיער נע'שמט פאר אן עלוי. טאטע־מאמע האבען געטרוימט ווענען א זוהן מיט "סמיכה". א רייי־כען שדוך, און אפשר וועט דורך דעם זייער לאגע אויך פארבעסערט ווערען.

הערשיל איז אבער אויף אנדערע וועגען אוועק.

אין אלטען בית המדרש, האבען עפּעס מאדנע ביכלאך אנגע־הויבען ארומצוגעהן צווישען די בחורים. און אויך הערשיל שרה בער'ס האָט זיך צוגעכאפּט צו זיי מיט חשק. צוערשט איז פאר אים פּיעלעם פון זיי געוועזען אונפארשטענדליך, עפּעס מאדנע ווער־טער, מיט דער צייט אָבער, האָט ער זיך אליין מעהר אין זיי איינגע־לעבט, און זיי פשוט געשלונגען.

הערשיל שרה בער'ס איז אן אנדער מענש געווארען. ער האָט אנגעהויבען אויסצופּעלען צו די שעורים, גאנצע טעג דעם בית המדרש ניט אנגעקוקט, פון טאטע־מאמען זיך ארויסגעדרעהט מיט תירוצים, געווארען אן אפּטער גאסט אויף דער ארבייטער "בירזשע".

שפּעטער איז ער אין גאנצען פון זיין אמאליג לעבען אוועק, האָט זיך אין א פרעמד הויז אלס קווארטיראנט פארקליבען, ניט קע־נענדיג צוזעהן טאטע־מאמעס צער.

הערשיל דער אגיטאטאר איז א באליעבטע פאפּולערע פּערזאָן ביי די ארבייטער פון ק. געווארען.

אבער די פּאליציי פון דער שטאדט ק. האָט גאנץ אויפמערקזאם נאכגעפאלגט די וועגען און מעשים פון די ארבייטער ־ אגיטאטארען, און זי האָט אויך פון איהרע אויגען ניט אפּגעלאזען הערשיל שרה בער'ס. עס האָט ביי אן ארעסט געהאלטען, און נאר איין וועג איז נאָך פארבליבען. ווי אזוי עס צו פארמיידען — צו פארלאזען רוס־לאנד.

הערשיל האָט פון דעם ניט געוואלט הערען, אבער טאטע־מאַ־מעס טרערען האָבען געווירקט דאָרט, וואו רייד זענען געבליבען אהן איינפלוס. הערשיל האָט זיך מיט רוסלאנד געזעגענט. א פאלשער פּאספּארט האָט פאר אים די גרענעץ געעפענט, און עטליכע טעג שפּעטער האָט אים שוין א שיף געפירט קיין ט., וואו דעם טאטענס א ברודער האָט געוואוינט.

און הערי גאווארין איז ווידער אן אנדער מענש געווארען, אנקומענדיג קיין ט..

דער יונגער הערי האָט זיך אנגעהויבען צוצוקוקען צום לעבען, וואָס האָט אים ארומגערינגעלט, זיך שנעל "אויסנעגרינט", די לאנד־שפּראַך ערלערענט, און דער וועג איז פאר אים קלאָר געווארען.

ער האָט די סאציאליסטישע רייהען אין גאנצען ניט פארלאזען, ווי ער האָט עס אמאָל געטון מיט'ן אלטען בית המדרש. אבער אויך פון דעם, האָט ער געזוכט צו ציהען פּערזענליכע נוצען.

דער "שאפ" האט אים ניט געצויגען. האט ער געזעהן עטליכע דאלאר אפצושפארען, און מיט דעם אפגעשפארטען געלד א "קאפעי" געעפענט.

הערי גאווארין איז אין יעדער "סאסייטי" א מיטגליעד גע־ווארען, ניט פאראינטערעסירט זיך שטארק אין דעם כאראקטער פון דער "סאסייטי", געזוכט א סך באקאנטשאפט צו באקומען, געוועזען צו יעדען פריינדליך, תמיד א שמייכעל אויף די ליפען גע־האט, און דער פדיון איז געוואקסען.

אין ט. האט מען ניט געוואוסט, צו וועמען גאווארין געהערט, אלע האבען אים גערעכענט פאר זייערינגען, און אלע זענען צו אים אין "קאפעי" אריינגעקומען, — דאס האט מר. גאווארין געוואלט, און דאס האט ער דערגרייכט.

גאווארינס "פאליסי" איז געווארען מיט קיינעם ניט זיך איינצומישען, תמיד געגעבען גערעכט יעדען צד, געזעהן אריינצומי־שען זיך מיט א פשרה, און יעדער צד האט אים אלס א זייניגען באטראכט.

ט. איז א שטאדט פון ארבייט, אין דער אידישער קהלה פאר־נעמט ארבייט א וויכטיגען פלאץ, און פאר גאווארינ'ען לוינט זיך דא־רום צו זיין א סאציאליסט, שטיצען די ארבייטער פאראיינען פון צייט צו צייט, ווייל דאס מיינט מעהר באזוכער פאר זיין "קאפעי". ט. איז אבער אויך א שטאדט פון פאליטיק. און גאווארין ווייסט, אז די פאליטיק האט א סך "עולם הזה", איז ער דארום פריינד מיט מר. מעקגעררי'ן, וועלכער נוצט אים אויס פאר זיינע פאליטישע צוועקען, פאר וועלכען מר. גאווארין ווערט גאנץ גוט באלוינט, און וועל־כעס גיט אים די מעגליכקייט צו קענען פיגורירען אלס "טשאריטי" און 'סאושעל ווארקער".

מר. גאווארינס באנק - חשבון וואקסט מיט א שנעלען וואוקס. מען זעהט אים שוין גאנץ ווייניג ארומשפאצירענדיג, דערפאר ווארפט זיך אבער אין די אויגען זיין גרויסער זיעבען - פאסאזשירי־גער "מעקלאקלין" אויטאמאביל, אין וועלכען מען זעהט אים אפט פארען מיט א. פינקעלשטיינ'ס אינגסטע טאכטער, וועלכע האט שוין פון אים א "דיימאנד" רינגעל באקומען.

אין דעם הויז פון די פינקעלשטיינ'ס ווארט מען אבער ביז נאך דער הייראט פון דער עלטערער טאכטער, ווען מען וועט די

''ענגיידזשמענט'' אפיציעל באקאנט מאכען, און ווען עס וועלען די תנאים געשריבען ווערען.

א געשעפט'ס ביורא פון ט., וועלכע גיט זיך אפּ מיט פארקויפען געשעפטען, האט אויף אירע ביכער די באדינגונגען, אויף וועלכע מר. גאוואריין איז גרייט צו פארקויפען זיין ''קאפעי'', ווייל ער געהט אריין אלס מיטגליעד אין דער פירמע ''א. פינקעלשטיין און זיהן''. וועלכע האנדעלט מיט ''רעגס, באטעלס, ענד סקרעפּ איידאן''.



דער סערפּ איז פון שטאָל, די סאכע פון אייזען:
קיין ציערונג קיין גרויסע זענען זיי ניט.
אין זיי אבער ליעגט אונזער קראפט, אונזער
לעבען,
אהן זיי איז אונמעגליך איין איינציגער טריט
(ש. פרוג)

ווייט ציהען זיך די ברייטע גאסען פון ט., ענדלאז ווערען זיי פארטרונקען אין א ים פון גרינס. ציהען זיך די ברייטע גאסען ביז עס - ווייט אונטער'ן שטאדט, וואו קריסט האט שלום געמאכט מיט'ן איד, וואו די קריסטליכע ''סעמעטרים'' געפינען זיך גענענאיבער די אידישע בית עלמינ'ס פון די באזונדערע חברות, ''קאנגרעגיישאנס'', און ''סאסייטיעס''. און הינטער זיי הויבען זיך די פעלדער אן, אפּגעצוימטע פעלדער פון ביידע זייטען וועג, וועלכע ווערען דורכגעשניטען פון א קאר ליניע, וואס דערלאזט ניט, אז די מענשען פון פעלד זאלען זיין פון דער שטאדט אפגעריסען. לויפען אפּט איבער'ן גרויסען פיעלמייליגען וועג די קארס, און פירען מענשען פון די פארמס אין שטאדט אריין און צוריק, שטעהען אויף ביידע זייטען וועג סלופּעס, מיט א נעץ פון עלעקטרישע און טעלעפאן דראטען באצויגען, וועלכע פארבונדען די שטאדט מיט דעם דארף, און דעם דארף מיט דער שטאדט.

ניט גלייך זענען די פעלדער ארום ט., בארג אראפּ און בארג ארויף געהן זיי. האט דער פארמער מיט זיין שווייס און ארבייט די פעלדער צוגעגעבען דאס, וואס די נאטור האט פון זיי בארויבט. פלעגט א ווינט קומען, און די זאמד פון די בערגלאך אין טאל אריינ־

טראגנען, פארשיטענע און פארניכטענע דאס, וואס מענשליכע הענט האָ־בען געזייט און בעארבייט, האָבען די פארמער אויף די בערגלאַד בוימער פארפלאנצט, דער ווינט זאל ניט לייכט קענען צוקומען צום זאמדיגען באָדען, און דורך יארען פון ארבייט, זענען די זאמדיגע בערגלאַד מיט גראז און גרינס באדעקט געווארען. פלעגט זיך צווייג מיט צווייג צוזאמען, און בוים ווערט מיט בוים צונויפגעוואקסען, און צווישען זיי איז ווי א געדעקטער טיש דער זאמדיגער באָדען מיט גרינס באצויגען, און אז עס ברענט די היץ אין די הייסע יולי - אויגוסט טעג, און דער שטרויענער הוט מיט דעם ברייטען ראנד איז ניט גענוג דעם פארמער פון די זונען - שטראלען צו באשיצען, פאר קלייבט ער זיך אפט אהער צווישען די בוימער אויף א קורצען אפרוה, אום א דערפרישטער פון דעם קיהלען שאטען, צו קענען זיך ווייטער נעהמען צו דער ארבייט, גאט'ס ברכה פון פעלד ארויסצוציהען.

ציהען זיך פון ביידע זייטען וועג די אפגעצוימטע פעלדער מיט די הילצערנע און ציגעלנע הייזער מיט די קליינע ניט - שטאטישע פענסטער, וועלכע זענען מיט נעצען פון דינעם דראט באדעקט, ניט צו דערלאזען, אז די מיקען און זומער - פויגעלאַך זאלען אין הויז אריין. שפרינגט א יונג פערדיל איבער א ניט - פארזייט פעלד ארום, און שטעלט זיך אפט אפ, א פול מויל מיט גראז אנ־צונעהמען, און שפרינגט ווייטער. לויפט אים א קעלביל נאך, געפעלט עס אים, און עס צעהירזשעט זיך, געהן זיי אין א געיעג אוועק, און ביידע האבען דערפון הנאה. פארט א קאר פארביי, שטעקען מענשען דורך די אפענע פענסטער די קעפ ארויס, און פרעהען זיך צוזאמען מיט די שטומע באשעפענישען. ווערט עס זיי איבערדריסיג, וואס מענשען קוקען אויף זיי, שטעלען זיי זיך ווי אויף לחכעים אפ, און פארקוקען זיך אויף דער שנעל־לויפענדער קאר, וואס רוקט זיך אלץ ווייטער און ווייטער, און ווען עס זעהט זיך קוים א שווארצער פלעק פון איר, צעהירזשען זיי זיך יודער, און דער "רייס" הויבט זיך א צווייטען מאל אן.

ציהען זיך פאר מיילען ווייט אנטאריאס פעלדער, מיט קאָרן באדעקטע און מיט פאשע רייך, און אין די הייזלאך אויף די פעלדער, בענקען די מענשען נאך דער גרויסער שטאדט ט., וועלכע האט אזוי פיעל פארגעניגענס גרייט פאר'ן מענשען. טרוימט א יונג פארמער־מיידעל, אז זי וועט קיין ט. פארען, זיך א קלייד באשטעלען, וועט

זי דערווייל די "דעפּארטמענט סטארס" באזוכען, און אין "מואווינג פּיקטשורס" געהן. דערווייל טרייסט זי זיך מיט דעם, וואס זיי דער־האלטען די ט־ער צייטונגען יעדען טאג, וועלכע דערצעהלען אלעס. וואָס עס קומט פאר אין דער גרויסער ט.

זאל נאָר דער הערבסט קומען. ווען די ארבייט וועט וועניגער ווערען, וועט זי קיין ט. פארען און פארברענגען דארטען אפשר א גאנצע וואך צייט, אבער דערווייל מוז מען דער מאמען אין דער ווירטשאפט העלפען.

זיבער וועט זי פארען קיין ט., און ווען דער גרויסער שנייאיגער ווינטער וועט אנקומען, און אין שטוב וועט אין דעם ברענענדיגען אויווען דאס האלץ פּלאקערען, וועט זי דאן די קלענערע שוועסטער און ברידער דערצעהלען וואָס זי האָט אין ט. געזעהן, אלעס וועט זי זיי דערצעהלען.

עס טרוימט די טאכטער וועגען דער שטאדט, און עס חלומט אויך דער פאטער וועגען ט.. די קינדער צולויפען זיך, ווילען בעסער אין שטאדט בלייבען. וועט דער "קראפּ" זיין ארונטערגענומען, וועט די תבואה און די היי אין שייער זיין, וועט ער סיי ט. פארען מיני אן אגענט זיך זעהן, און אויב עס וועט נאר אין גלייכען געלד זיך האנדלען, וועט ער די פארם פארקויפען, און זיך אין שטאדט ארי־בערקלייבען, מיט קינד צוזאמען זיין .

עס חלומ'ען אויך די מענשען, געבויגען ביי די מאשינען אין די ט־ער שעפער, אבער גאנץ אנדערע טרוימען זענען דאס. אין "שאפּ" איז די ארבייט אזוי שווער, און א לעבען מאכט מען קוים. מען איז צו דער גרויסער שטאדט ניט געוואוינט. געדענקט מען נאך דעם ריח פון דעם היימישען גארטען. פון דעם נאהענטען דארף, טרוימט מען וועגען עטליכע הונדערט אפּגעשפּארטע דאלאר, מען וועט א פארם אויף אפּצאלען קויפען, פון שאפּ זיך באפרייען, און אויף גאט'ס ברכה האפען, מען וועט זיך פיהלען געזונטער, און מען וועט זיין זיכערער ווי אין שאפּ. רוישען די מאשינען און הויבען א טומעל אויף, א טומעל, ביי וועלכען מען קען לאנג ניט חלומ'ן.

ניט איין הארץ הערט דארטען אויף צו קלאפּען, ניט דער־לעבענדיג צו זעהן די איבערגעריסענע טרוימען פארווירקליכט.

## י״ב.

געקומען איז ער אהער מיט זיין גאנצער פאמיליע צוזאמען, ווייל ער האט מורא געהאט, אליין צו פארען. און די פאמיליע אי־בערצולאזען צום חסד פון די, וועלכע האבען זיין שטאט צוראבירט, און פריצייטיג אידישע קברים פארמערט. ווען די צוואווילדעטע חיות האבען זיך איינגעשטילט, און אויף די צוראבירטע גאסען איז רו־היגער געווארען, האט ער אויף שנעל אלעם אויספא־קויפט, און מיט ווייב און קינדער אין וועג זיך געלאזט.

אויסגעהאדעוועט זיך אינ׳ם קליין־רוסישען דארף ביים טא־טען דעם ארענדאר, האט חיים קיווענקא נאך דער חתונה אין שטאט ביים שווער זיך באזעצט, און א תבואה - סוחר געווארען. חיים קיוועקנא האט זיין ניי געשעפט ליעב באקומען, פארט אין גאנצען ניט אפגעריסען פונ׳ם פעלד, אויף וועלכען ער האט זיך אויסגעהא־דעוועט, און וואס האט אזעלכע שעהנע זכרונות ביי אים געלאזען. פלעגען אים די קערנער ווייץ און קארן, א גרוס פון דארף איבערגע־בען, האט אים די תבואה אין טאטענ׳ס הויז דערמאנט, און שעה׳ן ווייז פלעגט ער אין תבואה - שפייכלער שטעהן, און אין זיך דעם ריח ארייגזאפען, זיך פארגעסען אין דער וואכעדיגקייט פון דעם האנדעל, און אן אנהער וועלט זיך אריבערטראגען.

האט א אידיש הארץ נאכ׳ן פעלד געבענקט, און האט צוליעב דעם האנדעל, צוליעב פרנסה פאר ווייב און קינד, פון דער שטאדט זיך ניט געקענט ארויסרייסען.

און אז מען האט געמוזט פארען, אנטלויפען פון א צוויי־טען פאגראם, האט ער באשלאסען קיין קאנאדע צו פארען, אין דעם לאנד וואו די גאלדענע זאנגען, אנגעגליהט פון דער זון, באדעקען גאט׳ס ערד, וועמענס ווייצען און קארן - קערנער, ווערען שפעטער איבער דער גאנצער וועלט צושיקט, די יק״א ביכלאך האבען אים נאך דארמען וועגען קאנאדע׳ס ברכות דערצעהלט, האט ער דארום בא - שלאסען אהין צו פארען, צו די גרויסע קאנאדישע פעלדער.

ער איז מיט דער פאמיליע קיין ט. געקומען.

חיים קיוועקנא איז געקומען מיט דער דעה א אידישער פארמער צו ווערען, צו ערנערען ווייב און קינד פון דער סאכע און בראנע, און איז א קרעמער געווארען, א בעל הבית פון א קליינער ״גראסערי״.

פון די רובעלס, וועלכע ער האָט מיטגענומען פון רוסלאַנד, איז א גרויסער טייל פון זיי נאך אויפ'ן וועג אוועק. און ווען ער איז מיט דער פאמיליע קיין ט. אנגעקומען, איז אים גאנץ ווייניג איבער־געבליבען, ער זאָל קענען פאר זיי א פארם קויפען, און אינווענטאר און מאשינען זיך איינשאפען, און פון דער מוטער־ערד די חיונה ציהען. חיים קיווענקא האָט זיך אין א פארלעגענהייט געפונען. געזעהן, ווי פון זיינע פלענער ווערט גאר ניט.

אבער חיים קיווענקא איז ניט געוועזען פון די מענשען, וואס פארלירען באלד דעם מוט, און וועלכער גיט זיך באלד אונטער דעם שיקזאל. ער איז געוועזען פון יענעם מענשען ־ מאטעריאל, וועלכער לאָזט זיך ניט לייכט באזיעגען פון דעם שווערען שיקזאל.

אין דער שטאטישער אידישער צייטונג, האָט ער געזעהן אנאנסירט א רייהע געשעפטען, וועלכע זענען צום פארקויפען. און ער האָט זיך אפגעשטעלט אויף דער "גראסערי", ווייל ערשטענס דארף מען צו דעם קיין ערפארונג ניט, אוז עס איז אויך ניט אין וועג, דאס וואס ער קען ניט די לאנד־שפראך, א געשעפט, וואו מען האט צו טאן נאר מיט אידען, און ־ייעדער איז דאס פון אלע געשעפ־טען געוועזען דאס איינציגע, צו וועלכען ער האָט געקענט צוטרעטען מיט זיין געבליבענעם קאפיטאל.

חיים קיווענקא איז א "גראסערימאן" געווארען, זיך און די גאנצע פאמיליע אין דער ארבייט איינגעשפאנט. זיין פרוי יעטע איז אין "סטאר" געשטאנען, ער פלעגט אויף די "מארקעטס" ארומ ־ פארען, איינשפארען עטליכע סענט ביים איינקויפען, און זענען די קינדער פון "סקוהל" נאר א היימגעקומען, האבען שוין געווארט אויף זיי פעקלאך, "ארדערס", וועלכע מען האָט געדארפט צוטראגען.

אין דער הוצאה זענען די קיווענקא'ס שפארעוודיג געוועזען, געקליבען א סענט צו א סענט, און די שווערע ארבייט פאר ליעב אנגענומען.

יאָרען האבען זיי אזוי זייער לעבען אנגעהאלטען, און ענדליך איז פאר זיי דער וויכטיגער טאג געקומען, אין באנק איז שוין געווע־זען גענוג געלד אויף זייער נאמען, מיט וועלכען מען קען זיך אויף א פארם איינארדנען.

עטליכע חדשים איז חיים קיווענקא אין דעם געגענד ארום ט. ארומגעפארען, אנגעקוקט פארמס, ביז וואנען, איינע פון די פיעלע פארמס, ארום וועלכע עס שלענגעלט זיך די אנטאריא איז אים גע־

פעלעז. און חיים קיווענקא האט זיין טרוים פארווירקליכט. ער איז אויף גאט׳ס ערד ארויף. און דאס פעלד פאר זיין שותף אין לעבען געמאכט.

צוערשט האבען די קריסטליכע שכנים אויף די קיווענקא׳ס קרום געקוקט. עפעס האט זיך זיי ניט געוואלט גלויבען אז א איד, א שטאדט - מענש, זאל זיך מיט פערד און אקס חבר׳ן. און שכנים האבען זיך פון דער ״רזשואיש פעמילי״ פון דערווייטענס געהאלטען, בלויז באגריסט אוים העפליכקייט. אבער אז מען האט געזהען, ווי ״היימי״ געהט מיט׳ן אקער, ווי א פארמער געניט פון יארען, האט מען אנגעהויבען היימישער ווערען, און נאכ׳ן ״גוט - מארגען״, פלעגט זיך א שכן אמאל אפשטעלעז, און אויספרעגען. וואס ער דענקט צו זייען, ארער צו ער וועט האדעווען ״קעטל״.

מען האט אנגעהויבען נעהנטער ווערען. אבער אויך איז דער נאהענטקייט האט זיך א ווייטקייט געפיהלט. היימי קיווענקאס אידישקייט איז אין וועג געווען. אז ער זאל זיך קענען צוזאמענ־גיסען מיט דער ארומיגער פארמער משפחה.

א גאנצע וואך איז מען פאריאגט געווען. און מען איז פון שטרוי־הוט און די טונקעלע, דיקע ״אווערראלס״ און שווערע פארם־שיך ניט ארויס. איז אבער דער זונטאג אנגעקומען. האבען פערד און מענש גערוהט. און אויפ׳ן פעלד זענען דער אקער און די בראנע ווי פאר׳יתומ׳טע געלעגען.

איבער׳ן גערערעהטען און זאמדיגען וועג. האבען זיך ״באגיס״ געשפאנט מיט פארפוצטע שפאציר פערדלאך געצויגען. דאס איז מען אין דער דערבייאיגער ״משווירטש״ געפארען. די געזונטע פארברויג־טע פארמער - געזיכטער האבען הנאה געהאט פון דעם ריטמישען טריט פון זייער איינענער ״הארעוואניע״. מען איז היימי׳ס הויז פארבייגעפארען, מען האט אים געטראפען א וואכעדיגען שטעהן, ארום הויז זיך פארען. די יונגע האבען זיך וועגען דעם ניט געקימערט, אבער די עלטערע האבען אונטער׳ן נאז געברומט, עס האט זיי פאר־דראסען. ווארום ״היימי״ איז אין גאנצען ניט א זייעריגער, און געפיהלט האבען זיי, ווי הינטער דעם וועבט זיך עטוואס אין דער שטיל. וואס וועט פון זיי דעם אידען ״היימי״ פארטרייבען. און אז לאנג וועט ער ניט איינאטעמען די לופט פון די אנטאריער פעלדער.

## י״ג.

היימי קיווענקא האָט זיך מיט לייב און לעבען דער ארבייט איבערגעגעבען. און זיין פלייס האָט געבראכט, אז די אידישע פעל־דער האבען זיך ניט געהאט מיט וואס צו שעהמען לגבי די אנדערע פעלדער, בעארבייט פון פארמער, וועמענס עלטערען זענען דא גע־בוירען און אויסגעהאדעוועט געווארען.

קיווענקא׳ס ווייסע פארם ־ הויז איז אין א מתנה פון קארן ־ זאנגען פארטרונקען געווארען, דורך די אפענע פענסטער, האָט זיך אין הויז דער ריח פון ״בארלי״ און אלפאלפא אריינגעטראגען. הינטער׳ן הויז האָט זיך געצויגען דער גרינס־גארטען, וואס האָט די קיווענקא׳ס מיט ״ווערזשיטיבעל׳ס״ באזארגט, און עס איז נאך געבליבען אביסעל צו פארקויפען. אויף יענער זייט גארטען, איז געשטאנען דער גרויסער ״בארן״, וואס האָט אויבען אלס שייער געדיענט, און אונטען איז א שטאל פאר די בהמות און פערד געווע־זען.

הינטער דעם ״בארן״ איז א לעדיג פעלד געוועזען, אפגע ־ צוימט מיט א דראטענעם פארקאן, אין וועלכען בוימלאך פון וויל־דע ״בערים״ האבען זיך איינגעפלאכטען, האָט זיך אויפ׳ן פעלד די אייגענע ״האדעוואניע״ געפיטערט, און דער אויסגעצויגענער מע—ע—ע האָט אין דער ווייטקייט אפגעקלונגען.

עס איז אנגעקומען שניט־צייט. — די באוואקסענע פעלדער האבען ווי אפגעגאלטע אויסגעזעהן, מען האָט געדארפט דרעשען.

און א מנהג איז שוין דארט פון פיעלע יארען, א גאנץ יאר בעארבייט מען די פלדער באזונדער, יעדער פארמער זיין פעלד, דרעשען, דרעשט מען אבער צוזאמען, און דער דרעש טאג ווערט ניט פאר קיין ארבייטס ־ טאג פאררעכענט. נאר אלס א יום טוב.

יעדען טאג פון די שוין קיהלערע סעפטעמבער טעג, קלייבט מען זיך אויף אן אנדער פארם צונויף. עס קומען זיך צוזאמען אלע ארומיגע פארמער. מען ברענגט צושלעפען מיט דער הילף פון א גרויסען ״אינדזשין״ די דרעש ־ מאשין, וועלכע מען האָט פאר דער צייט געדונגען. אנגעהאקטע האלץ איז אויפ׳ן הויף פארהאן. די יונ־גערע ברענגען וואסער, און באלד טליעט שוין דאס האלץ אין דעם ״אינדזשין״, און דאס דרעשען הויבט זיך אן. ווערען די ריינע קערנער־

אין זעק צונויפגעקליבען, צום נאהענטסטען „סטיישאן" צוגעפירט. אין וואגאנען פארפאקט. און אין די „עלעווייטערס" אפגעשיקט.

פארטינ מיט דער ארבייט, שטעלט מען פאר'ן הויז א גרויסען טיש צוזאמען, און א יום טוב „רינער" ווערט פון דער פארמערקע פאר אלע „ארבייטס - געסט" סערווירט. זיצט מען ביז שפעט אין אווענט אריין, דערצעהלט מען וויפיעל „בושל" מען האט פון אקער אראפגענומען, און עס וועט אויך זיין גענוג שטרוי פאר די „קעטל".

ארבייט מען אזוי טאג אויס, טאג איין, ביז וואנען דאס דרעשען איז ביי אלע ארומיגע פארענדיגט. הויבט מען זיך דאן אן צום ווינטער גרייטען, צום ווינטער, פאר וועלכען מען האט זיך און די שטאדט, מיט ברויט פארזארגט. ווערט די ארבייט ווייניגער, הויבען די קינדער אן אין דער „ווילעדזש" שול צו לערנען, ווערען שפעטער די באמיסטיגטע פעלדער מיט שניי באדעקט, ווערט שווער הויז פון פעלד צו אונטערשיידען, און נאר דער רויך פון די קוימענס ווייזט, אז אינ'ם שניי געפונען זיך הייזער, וואו מענשען וואוינען.

* * *

היימי קיוועגקא האט זיך ניט נור מיט'ן פארמער - לעבען איינגעלעבט, נאר ער האט זיך אויך גליקליך געפיהלט.

אבער די יארען זענען געגאנגען, און די יארען האבען היימי קיוועגקא'ן מיט א נייער פראבלעמע פנים אל פנים אוועקגעשטעלט.

היימי קיוועגקא האט אנגעהויבען איינצוזעהן, ווי זיינע אייגענע קינדער ווערען פרעמד צו אים, אנטרונען פון אים, און אז ביי אים און הויז לעבען צוויי פארשיעדענע וועלטען.

ער פלעגט מיט דער פאמיליע אויף ימים נוראים קיין ט. פארען, אבער די עטליכע טעג פון יאר צווישען אידען, זענען ניט גענוג געווען, אז קיוועגקא'ס קינדער זאלען צו זייער פאלק באהעפט ווערען.

און אליין איז מען אויך פון אייגענעם שטאם אבגעריסען; אין איך צווישען אלע פארמער - קריסטען. האבען זיך קיוועגקא'ס קינדער מיט די פארמער קינדער גע'חבר'ט, צוזאמען אין שול געגאנגען, די „טשווירטש-פארטיס" מיטגעמאכט, דאס גאנצע ארומיגע לעבען אין זיך אריינגעזאפט. און ניט נור פיזיש געזונטע פארם -

קינדער אויסגעוואקסען. נאר אויך עהנליך אין יעדען הינזיכט צו זייערע נים - אידישע חברים און חבר'טארינס געווארען.

אין די לאנגע ווינטער־נעכט, פלעגט היימי מיט זיינע קינדער אידישקייט לערנען, דאוונען געלערנט, אבער עס האָט זיך וועניג וואס צו זיי צוגעקלעפּט, און ער אליין האָט זיי ניט געקענט אונטער־שיידען אין אידישקייט פון דער גאנצער ארומיגער חברה יונגוואַרג.

לאנג האָט היימי קיוועגקא געטראכט וואס צו טון צו דעם, אבער איינמאל, ווען זיין עלטערער "באי" האט פּאר אים דעם סוד ענטדעקט, אז ער האָט ליעב דזשעני'ן, דעם שבן דזשעק מארטינ'ס מיי דעל, און אז זיי האבען באשלאסען א באלעבאטישקייט פאר זיך איינצושאפען, און נאך דאס יאר הייראטען, איז מיט אמאל היי־מי'ן אלעס קלאר געווארען. און דער באשלוס איז געקומען.

ער מוז די איבעריגע ראטעווען . . . ., ער וועט אויף זיין חשבון, זיינע קינדער צו זייער פאלק אומקערען. ער מוז עס טון, מעג ער זיך אפילו זיין גאנץ לעבען צוברעכען . . .

און חיים קיוועגקא איז צוריק א שטארט - מענש געווארען.

## יד.

א קיהלער סוף אלול פארנאכט.

די טעג זענען נאך ווארימע, קומט אבער אן דער פאר־נאכט בלאָזט א ווינטעל פון דער ,,לייק", ווערט קיהל, און מען זוכט שוין אין די געשטריקטע ,,סוועטערס".

ט. הויבט זיך אָן גרייטען צום קומענדען ווינטער.

קומט מען פון דער ארבייט אדער פון געשעפט אהיים, שענקט מען שוין נישט אזוי פיעל אויפמערקזאמקייט דאס גראז און די בלומען פאר'ן הויז, זא ווי זא וועט שוין אלעס באלד פארוועלקט זיין, און עס ווילט זיך ניט דעם טויט באקעמפען. פארקלייבט זיך א זארגפעלטיגער בעל הבית אין קעלער פון הויז, באטראכט דעם ,,פוירנייס", וואס דארף דורך'ן שווערען ווינטער דאס הויז ווארעם האלטען, און ער הויבט זיך אָן צום ווינטער צו־גרייטען. שלאָגט ער צו דאָ און דאָרט א שפּעלטעלע, — מען דארף פאר'ן פראָסט זיכער זיין, לויפט ביים ארימאַן אין קאָפּ א נייע דאגה דורך, עס געהט אזא שווערער ווינטער, דער יקרות איז גרויס, און קוילען זענען בו־אנד־טייער — מיט גאלד צו־גלייך. . . .

די שטאַדטישע קארס לויפען, געפאַקט מיט מענשען, צו־פירענדיג די פאסאזשירען אין די פארשידענע טעאטערע וועלכע זענען שוין ווידער אָפען, נאָך דעם לאַנגען געשלאָסענעם זומער־סעזאָן.

די גסיסה פון דעם אפשטארבענדען זומער, פיהלט זיך שוין אין יעדען ווינקעלע פון דער ריזיגער און מיט מענשען־ענגער ט. און מיט דעם אפשטארבענדען זומער הויבט זיך אָן אין „וואַרד" דאָס „אידישקייט" שאַרפער פיהלען.

פאַרהאַרעוועט, ווי אַלע טאָג פון יאָר, איז היינט אויך דער „וואַרד", אָבער קומען אָן די אלול־טעג, באַקומט דער „וואַרד" אַן אַנדער פּנים.

אויף דער גאַס, ווערט דאָס הייזעריגע קול פון דעם ביליגען פאָנאָגראַף, וועלכער שטעהט ביים פענסטער, אויסגעמישט מיט די יונגענקע שטימעלאַך פון אַ כאָר, וואָס אַ חזן שטודירט איין צו די קומענדע ימים נוראים.

אין איין הויז האָט מען דעם פאָנאָגראַף אויף דער וועראַנ־דע אַרויסגעשטעלט, זיך אַרום איהם צוזעצט, און מען איז שוין די געסט צום צעהנטען מאָל מכבד מיט — „איט איז איי לאַנג, לאַנג וועי טו טיפּערערי".

דורך די אָפענע פענסטער פון אַ געגענאיבערדיג הויז הערט זיך דאָס אַפּלאַדירען סיראָטאַ'ס "יהי רצון", וואָס ווערט צוזאַמענגעמישט מיט די פיאַנאָ טענער, וועלכע יונגוואַרג לערנען זיך אַרויסברענגען פון די קלאַווישען.

יע־לה תח־נו־ני־נו — הערט זיך אַ געזאַנג פון פּיעלע, אַרי־בער דער גאַס, און מיט אַמאָל ווערט עס איבערגעריסען פון אַ טע־נאָר שטימע, וועלכע ציהט זיך אַלץ ווייטער אַליין, ווי וועלענדיג דער נאָכט דעם סוד פון דער תפלה דערצעהלען.

אַרום די שוהלען און „קאָנגרעגיישאַנס" איז לעבעדיג.

ביי דער טיר, אַרום אַ קליין טישעל, זיצען דער פּרע־זידענט און די צוויי „וויים"־פּרעזידענטען, און פיהרען אָן דעם מסחר מיט די שוהל־„טיקעטס".

„גיט מיר אַ צוויי דאָלאַרדיגען „סיט", אָבער אַזוי אַ גוטען, מען זאָל אַלעס קענען הערען". קומט צו אַ יונגערמאַן, וואָס איז שטאַרק פאַרליעבט אין נגינה.

„אויב איהר ווילט אַ גוטען „סיט", וועט עס אייך קאָסטען

דריי דאלאר", ענטפערט איינער פון די ,,ווייס"־פרעזידענטעז, ,,דאס איז דאָס ביליגסטע".

דער יונגערמאן טרעט אָפּ אין א זייט. טראכט א ווײלע נאָך. א דאלאר מיינט פאר איהם זעהר פיעל הײנטיגע צייטען. דער געדאנק אבער צו קענען הערען דעם בארימטען חזן, וועגט איבער אלעס און ער צאָהלט אָפּ די פארלאנגטע דריי דאלאר.

עס קומט אריין א דיקע פרוי פון נידעריגען וואוקס, מיט אן אפגעברענט געזיכט, וואס דערצעהלט, אז זי איז ניט לאנג פון דער ,,קאַנטרי" צוריקגעקומען, און צוגעהענדיג, לעגט זי אוועק די הענד אויפ'ן טיש, ווי זי וואלט געוואלט זיכער זיין, אז מען וועט ניט פארפעהלען צו באמערקען די דימאנטען אויף אירע פינגער.

,,גיוו מי דהי בעסט סיט יו העוו", הערט זיך די האלב הייזעריגע שטימע פון דער, וועמען עס שטעהט שוין מעהר ניט אן, איר היימיש־אידישע שפּראך, און וועלכע האָט שטארק מורא פאר די קומענדע ימים נוראים, אז זי זאל ניט באשטראפט ווערען, פאר די חטאים פון א גאנץ יאָר.

זי באקומט איר פינף דאלארדיגען ,,סיט", צעהלענדיג דאס געלד, באוועגט זי אן איבעריגען מאל מיט די הענד אין דער לופ־טען, אום מען זאל זעהן ווי אירע דימאנטען פינקלען, און אז זי געהערט ניט צו די ,,פּראסטע".

נעגענאיבער דער שוהל איז א טאנץ־זאל. דארט קלייבט זיך שטענדיג יונגווארג צוזאמען, צו פארברענגען עטליכע שעה אין טאנצען.

אבער דאס טאנצען מוז יעצט אפטרעטען דאס ארט פאר דער אידישער תפלה.

די אווענטען זענען שוין קיהלע, אלע "דענסינג - האלס". זע־נען שוין אפען, אבער דאָ איז נאך געשלאסען, און געשלאסען וועט עס זיין ביז איבער די מורא'דיגע טעג.

דער טאנץ־זאל ווערט יעצט אין א ,,מקום קדוש" פאר־וואנדעלט.

אין א דערבייאיגען צימער, דארטען וואו עס איז א גאנץ יאר די ,,באר" ארבייט שווער א יונגערמאן ביים איינשטודירען זיינע העלפער'ס אויף די ,,דריי טעג".

אויפ'ן גרויסען שטאָדט־זייגער האָט עלף געשלאָגען.

איינצעלנע פאליציי לייט, באוואפענט מיט זייער נאכט־

גנוועהר, הויבען זיך אַז ווי שאָטענס אויף די זיך איינשטילענדע גאַסען צו באַווייזען. נאָך הערט זיך די שטימע פון אַן איינצעלנעם פאָנאָגראַף, אָבער עס זענען שוין די לעצטע טענער, די צוהערער דערמאָנען זיך, אַז מאָרגען איז אויך אַ טאָג פון אַרבייט, צו וועלכען מען מוז אויסגערוהט זיין.

פאַרשפּעטיגטע געסט איילען אַהיים, טראָגענדיג אַ שלעפּעריג קינד אויף די הענד. די שטאָדטישע קאַרס איילען זיך נאָך מער, וועלענדיג וואָס שנעלער קומען צו זייער נאַכט־רוה.

ט. רוהט יעצט, און נאָר דאָס רוישען פון די פאַבריקען ביים געגענער פונ׳ם וואַסער־פאַנט צושטערט די האַרמאָנישע שטילקייט, וועלכע ווערט אויך איבערגעריסען פון דעם פייפען פון די אַנקומענדע און אָפּפאָרענדע צוגען.

און ווייט דאָרט אויף דער „לייק״ אנטאַריאָ, יאָגט זיך אַ שיף וואָס שנעלער צו גרייכען ט.

דרעהען זיך שנעלער די שיף־רעדער, וועלענדיג וואָס גיכער אַרויס פון די מיט־כוואַליעס־רוישענדע וואַסערען, איבער וועלכע דער גרויסער גייסט פון דעם שלעכטען מאַניטאָ־אָה, געוועלטיגט יעצט.

— — — — — — — — — — —

— — — — — — גערדיכטער ווערט די נאַכט — — — —

— — — — — — — — — — —

ט. גרייט זיך צו אַ צווייטען טאָג „לעבען״.

# אפּגעברענט

איך האָב געקעמפּט און האָב געהאַנגען
און באפרייט זיך פון דיין כשוף,
איך האָב מיין רוה צוריק געפונגען,
ווידער בין איך צינד „מיושב“ . . .
נאָר אין הארצען דריקט א פוסטקייט,
נאָגט א יאוש דאָרט אין מוח —
אויסגעלאשען איז דאָס פייער,
נו, דערשטיקט מיך איצט דער רויך . . .

# א טענה

לאָז מיך, אומעט, אָפּ א רגע,
לאָז מיך אויך אמאָל געניסען,
כאָטש א טראָפּען לאָז א לעק טון
פונ׳ם בעכער, פונ׳ם זיסען . . .

רק דו שטעהסט מיר ווי א שטן,
און פון אלעם מאכסט צו גאר נישט.
דאס — „ס׳איז נאריש“, דאס — סע׳פּאסט ניט“,
דאס — „א זינד איז וואס מען טאָר נישט“ . . .

כלומר׳שט ביסטו מיר געטריי נאָר,
און דו מיינסט רק מיר לטובה,
איך וויל אויך אמאָל א שטיף טון,
ווי א אינגעל טון א וואַיווע.

ס׳מוז דאָך זיין א זיסער ביסען,
וואס מע לעקט אזוי די פינגער,
טאָ, לאָמ׳ך אויך אמאָל א נאַש טון,
און א שטיל טון מיר דעם הונגער . . .

כ׳וויל אמאָל אויך טון א חטא׳ל
און פארזוכען פון דער פרי . . .
פאר וואס קומט עס בלויז דעם הולטיי,
און דעם גראָבען בעל עבירה ? . . .

# פאַרקעהרטע יוצרות

דו ביסט אמאָל געווען,
א היילונג צו מיין הערץ,
געהיילט מיר יעדע וואונד,
געשטילט מיר יעדען שמערץ.

ווען מיין קאָפּ פון היץ,
געברענט האָט ווי א פיבער,
א גלעט נאָר פון דיין הענטעל,
און אלעס איז פאראיבער.

איז א פראָסט אין הארצען,
פלוצלונג מיר אריין, —
א בליק פון דיינע אויגען,
געבראכט האָט זונען - שיין.

דיין מויל דאס איז געווען,
א קוואל פון אוצרות זיס . . .
מוזיק — יעדע זילבע,
דופטענד — יעדער קוש . . .

איצט, א בראך ! איז אלעס
פארקעהרט געווארען גאר :
דאָס מיילכעל — א גיהנום,
וואס שיט מיט קללות גאָר.

הייסע פעטש דערלאנגט, אך,
דיין הענטעל מיר מיט כעס,
א בליק פון דיינע אויגעלאך,
פארגליווערט מיך ווי אייז . . .

## משוגעת

ווען איך האָב געליעבט דיך, האָסטו ווי א חיה
געצאפּט מיר מיין בלוט און געטרונקען.
נאָך דיינעם א בליק נאָר ווען איך האָב געצאפּעלט,
דאן האָסטו צו פרעמדע געוואונקען.

און צינד ווען דאס פיבער צום גליק איז פאראיבער.
איך בין מיר עולה לגדולה,
ווייסטו: איך האָב דיך פארפיהרט און באטראגען,
סטראשעסט צו שיסען אפילו . .

כ'האָב דיך געקושט ווען מיין לייב האָסט געשניטען,
נו, אליין זאָג, דו ביסט דאָך א קלוגע —
קען דען א קלאָהרער זיין שונא גאר ליעבען ?
איז דאָס ניט מעשה משוגע ? . . .

## על משכבי בלילות

ווען אין בעט ביינאכט,
פלאג איך זיך צום טויט,
פיהלסטו דאן מיין עלענד ?
פיהלסטו מיט מיין נויט ?

פיהלסטו ווי פון קרעמפען,
דרעה איז זיך אין דרייען ?
פיהלסטו מיט מיין וועהטאָג ?
פיהלסטו מיט מיין פיין ?

הערסטו ווען איך רוף דיך ?
זעהסטו ווי איך דאַר ?
וועסטו אמאָל קומען
לינדערען מיין צער ?

## אפילו דער יעגער

אפילו דער יעגער,
רחמנות האָט באלד,
ווען ער זעהט זיין פויגעל
דערשאָסען אין וואלד . . .

דו האָסט מיין נשמה
פארוואונדעט אָהן א שיעור
און האלסט אין איין ציעלען
די פיילען אין מיר . . .

## יבוא יומה

איך ווייס אז ס'איז נאריש
נאָכלויפען דיר,
כ'לויף ווי א שטן,
און דו לויפסט א פריהער . . .

לויף, לויף, דו טייוועל !
לויף אויף דער גיך,
דו ביסט דער תקיף,
דער קרבן בין איך . . .

נאָר לאָמ' איך נאָר קריגען
די בייטש אין די הענט —
באצאָהלען פאר אלעם,
וועסטו מיט פראָצענט ! . . .

## טרויעריג

טרויעריג, פארכמארעט,
זעהט די וועלט מיר אויס;
טרויעריג, פארכמארעט,
בוים און גאס און הויז.

נעבעלדיג, פארוואלקענט,
דונקעל איבעראל;
און אין שעהנעם הימעל
זעהט זיך ניט קיין שטראהל.

ווייט דארט, לעבען טייכעל,
קוואקען זשאבעס פיעל,
און א קראָה א שווארצע,
קרעכצט און שרייט אהן ציעל.

און פון יעדען ווינקעל,
קומט א שונא צו,
זוכט און פאָרשט און נישטערט,
גיט דיר ניט קיין רוה.

## יעדער סוחר לויבט זיין סחורה

יעדער סוחר לויבט זיין סחורה,
יעדער שוסטער לויבט זיין שוך;
יעדער גלח ריהמט זיין תורה
און דער שרייבער — אויך זיין בוך.

און אזוי זיך געהט דאס וועלטעל,
לעבען איין און לעבען אויס;
יעדער מיינט: נאָר זיין געצעלטעל
איז דאָס בעסטע, שעהנסטע הויז.

# דער ים - קעניג

(פריי איבערזעצט נאך טשארלז מעקעי.)

„איך וועל געהען, איך וועל געהען
וואו די קיהלע ווינטלאך וועהען;
אין וואלהאלא וויל איך וואוינען,
צווישען גלאנץ פון גאלד און קרוינען;
מיט די העלדען, וועלכע פאלען
אויפ'ן שלאכטפעלד — קעגען פיינד.
ס'וועט א וואלקיר מיך באדיענען,
מעד דערלאנגען, מיך געווינען;
און די סקאלדען וועלען שפיעלען,
וועקען זיסע פרייד - געפיהלען.
איך בין אלט — דאך וויל איך יונג זיין,
יעצט און היינט".

---

און דאס פאלק איז האן געקומען,
באלדערען צום ברעג גענומען.
אויף זיין שיף איז ער געגאנגען,
און געהערט א רוף א באנגען.
צו זיין אויער גרייכען קלאנגען
און א רוישען פונ'ם ים.
אויפ'ן גרונד פון שיף, דארט אינטען,
האט מען פאקלען אנגעצונדען,
און עס האט גענומען ברענען,
שטארק און שטארקער, ווי עס קענען
נאר די ווינטען, וועלכע ברויזען
אהן א צאם.

---

און די שיף, פון יענע ברעגען
אינ'ם שטורעם, אינ'ם רעגען,
האט דאס פאלק ארויסגעטריבען —
באלדער איז אליין געבליבען,
און ער האט דערהערט א ווארנונג,
שטארק און טרייסטענדיג און הויך:

„באלדער, גוטער, גרויסער קעניג!
די חדשים זענען ווענינ,
קליין דעם מענשענס נישטיג לעבען,
קליין זיין האפנונג און זיין שטרעבען;
נאך אביסעל און מיר קומען,
קומען אויך".

---

און די שיף, זי יאגט אלץ ווייטער,
ווי א טיגער א באפרייטער,
און עס וואקסט אלץ דער געוויטער,
ס'פאלט די שיף מיט יעדען ציטער,
און פון אונטען ברענט א פייער
ווילד און מורא'דיג און שטום.
באלדער הערט ניט מעהר די קלאנגען,
פון די מענשען; די פארלאנגען,
הויבען אן ביי איהם זיך בייטען,
עפעס זעהט ער פון דער ווייטען,
און די פלאמען שטייגען, לייכטען
אלץ ארום.

---

„אויב איך קאן אין שלאכט ניט שטארבען,
זאל דער פלאקער מיך פארדארבען,
מיט איין שיפעל מוז איך ציהען,
וואו די הערליכקייט וועט גליהען,
צו דעם הימעל פון די קעמפער,
צו דעם וואונדער לאנד, אסגארד.
הערט מיין רוף, איהר שטארקע געטער,
זייט פון מיין נשמה — רעטער,
אדין, פרעיא, טאר, באשיצט!
דארטען שיינט צו מיר און בליצט,
יא, איך געה, איך קום אהינצו,
ווארט נאר, ווארט!"

---

און דער אלטער ימים־קריעגער,
געהט ארום יעצט שטאלץ און זיכער,

און עס ארט איהם ניט דער וויכער,
און ער פיהלט קיין פיין, קיין וועהטאג,
אויף דעם ברענענדיגען דעק.
ס'איז זיין מאגטעל אנגעצונדען,
אט איז ער אין פלאם פארשוואונדען.

---

זיין נשמה ווערט עמפאנגען,
מיט טרומייט און לויב - געזאנגען,
אין וואלהאלא, וואו די העלדען
געהן אוועק.

---

## טיק - טאק

(אונטער דעם איינפלוס פון לאנגפעלאוס.)

**(The old clock on the stairs)**

טיק - טאק, טיק - טאק.
אימער נאר די זעלבע זאך ?
פרעג איך, ענטפערסטו מיר גלייך :
טיק - טאק.

טיק - טאק, טיק - טאק.
רעגען, שניי, ביייטאג, ביינאכט,
דו ווערסט קיינמאל אפגעשוואכט,
טיק - טאק.

טיק - טאק, טיק - טאק.
וואס־זשע מיינסטו מיט דעם קלאנג ?
איז דאס טרויער צו געזאנג ?
טיק - טאק.

טיק - טאק, טיק - טאק.
ווייזסטו די צייט מיט דיינע הענט,
אהן א סוף און אהן אן ענד,
טיק - טאק.

טיק - טאק, טיק - טאק.
אפגעטאקט און אפגעהאקט,
קלאפט דאס לעבען מיט איין טאקט,
טיק - טאק.

# דער פרעמדער

די נאַכט האָט געהאַלטען ביים פארשווינדען. די פינסטערע וואָלקענס, וועלכע האָבען מיט עטליכע שטונדען פריהער איינגעהילט די קאַלטע ערד, פאַרוויעגט איהר אין א שטילען נאַכט - שלאָף, זענען מיט דער גרעסטער שנעלקייט געיאָגט געוואָרען פון רויטע און פיאָלעט פייערדיגע ליכט פאַסען, וועלכע האָבען זיך באַוויזען אויף דער נאַכטליכער בלויקייט פון הימעל.

די רוהיגע טיעף - בלויע נאַכט, האָט זיך גרייט געמאַכט צום פארשווינדען אין דער אונענדליכקייט, פאַר'ן שטיפערישען ליכט, וואָס פאַרטרייבט די פינסטערניש ; פאַר דעם מאָרגען - שיין, וועלכע דעקט פאַמעליך אָפּ דעם טונקעלען מאַנטעל פון דער קאַלטער ערד, וועלכע איז פון ווייטען לאַנד אַנטפּלעקט געוואָרען צו באַרייכערען גאָט'ס וועלט.

די בלאַס - מיעדע לבנה וועלכע האַלט אין ענדיגען איהר נאַכט שפּאַציער, לאָזט זיך ניט פון די שטיפערישע, אַנטלויפענדע, צו-בראָקעלטע וואָלקענס, וועלכע פּרובירען צו פאַרטונקלען, און וואַרפען זיך מיט דער לויפענדער שנעלקייט איבער איהר — אין באַהעלטעניש שפּיעלען זיי — דעקען איהר צו, פאַרכאַפּען איהר, און די לבנה דרעהט זיך אַרוים פון די אָנגעבמאַרעטע שטיפערס און א זיעגעריין שטייגט זי אַרוים פונ'ם דורכזיכטיגען נעבעל, צייגט איהר שיין, איהר גלאַנץ, וואַרפט א בליק אויפ'ן שטילען ים, וועלכער האָט זיך נאָר וואָס צו'כעס'ט, ווייל א שיף האָט זיינע כוואַליעס צושניטען, אום דעם ברעג צו דערגרייכען.

די עדה איז מיט'ן שלאָף פאַרנומען, ליגט פאַרזונקען אין א טיעפען שלאָף, כראָפּעט געשמאַק, אַטעמט מיט פרישע, קיהלע ווינטעלאַך, וועלכע גלעטען און לאַשטשען צערטליך אויפ'ן פּנים.

פון דער ווייטענס ציהען זיך ווייסע, שניי - בערג מיט לאַנגע שוואַרצע פלעקען . . . דאָס האָבען מענשליכע פיס בייטאָג רואינירט א הימליש שטיק אַרבייט, צעטראַטען דעם אויבערמאַנטעל, וואָס איז פונ'ם הימעל אַרונטער צו באַשיצען די ערד פונ'ם אַקער - אייזען.

די וואַנדערער האָבען איבער די בערג א וועג זיך געמאַכט, צום גרויסען וואַלד, האָלץ זוכען פאַר'ן קומענדען ווינטער, וועלכער האָט דעם שניי - שליח געשיקט. געהערט האָבען זיי, אַז אונערבאַרעמדיג

זענען די קעלטען, גרויזאם זענען די פרעסט אינ׳ם קאלטען לאנד, וואו זיי האבען זייערע ביידלאך געשטעלט.

דעם פרעמדענס טרויעריגען בליק, באטראכט די נייע וואונדער־וועלט. קוקט זיך צו, צו דער הימלישער מלחמה, וואס ווערט פון אויבען געפיהרט איבער א טאג הערשאפט, ווער עס זאל דער איינ־ציגער זיין, זיינע רעיונות זענען פארנומען מיט דעם וואלקען קאמף, ווי לאנג וועלען די נאכט אויסגעמאטערטע וואלקענס די מלחמה פיה־רען, וויסענדיג אז זייער מאכט איז פאראיבער ?

דער פרעמדער באטראכט זיך א ווײַלע, — זיין אייגענעם קאמף האט ער שוין לאנג אויפגעגעבען, נאך איידער ער האט זיך צו די כוואליעס איבערגעגעבען, זיי זאלען איהם צום נייעם לאנד אריבער־שיפען, זיינע האפנונגען זענען ווי די שווארצע וואלקענס אנטלאפען, זיינע אידעאלען זענען צעטראטען און פאראומרייניגט געווארען אין דעם לאנד פון פיין און צארן, וואו דער זעלבער קאמף צווישען טאג און נאכט, ווערט פארגעזעצט פון מענש און מענש. זיינע געטער, וועלכע ער האט געשאפען ליגען צעבראכענע, געשענדעטע פאר זיינע פיס, מאכטלאז איהם צו באשיצען.

זיין בליק ווארפט זיך אויף דער ערד, וועלכע ליגט א צעשוי־בערטע בארג ארויף, בארג אראפ, קיין סטעזשקע, קיין גלייכער פלאץ, ווי גאט וואלט פארגעסען דא פארביי - צו - שוועבען, אדער ער האט פון די פלעצער שטיקער ריפ ארויסגעריסען, אויסצוגלייכען די ערד פון דער אנדערער זייט וועלט.

דער פלאכער, זאמדיגער ים - ברעג, וועלכער שווענקט זיך בייטאג און ביינאכט, טובל׳ט זיך אין ריינעם וואסער, וואס קומט צושווימען פון מיטען ים, ריין ווי א כלה אין חופה טאג, אהן מענש־ליכען פיין, אהן יסורים, אהן גוואלדטאטען.

ארום דעם ים -זוים שטעהן די נידריגע מענשליכע הייזלאך פון וועמעס איינוואהנער די ערד ווערט באארבייט זי זאל איהר פרוכט געבען, און שפאציערען אויף דער אויבערפלעכע פונ׳ם ים זייער אומעט צו פארטרייבען, אדער פון זיינע פיש - אוצרות צו געניסען.

א תקיעת - כח, טראכט ביי זיך דער פרעמדער, מוז דא זיין : די קאלטע ערד, דער שטורמדיגער ים, דער הייסער מענש האבען כורת ברית געווען, צו היטען די געזעצען פון אבשטעגדיגקייט, ניט צו געהן ווייטער פון זייערע גרענעצען, און איינער פאר׳ן אנדערען האט קיין ברעקעל מורא ניט.

צעווילדעוועט זיך דער ים, שוימט ער זיך פאר כעס, וואַרפט זיינע כוואַליעס פאר רציחה, קאַרטשעט זיך פאר ווערהטאַג, וואס די קאלטע אייזערנע מעסער פון א דורכרייזענדער שיף האָבען זיינע כוואַליעס צעשניטען, זיינע בלוי - ווייסע פאַסען פאַראומרייניגט. איז עס נאָר מאָמענטאַל. וויל באלד באהעפטען זיך צוריק די צעשניטענע אברים, צעקושען זיך מיט זייערע צעשיידעטע און שיקען א גלעט צום ברעג צו, אַנשווענקענדיג די קליינע זאמד - שטיינדלאך, וואס ליגען אויסגעשפרייט פאר די הייזלאך. און וואַרנען ים און ערד וועגען זייער אָפמאך און שטיל הוידען זיך די כוואַליעס, פאַרטראַגען די סודות פון איינער צו דער אנדערער, ווי גאָר נים וואָלט פאסירט.

צע'כעס'ט זיך די ערד, פאַרהאַרטעוועט זי איהר איבערהפלעכע. באשלייערט זיך אין א פּראָסטיגען מאַנטעל, וויל קיין פרוכט נים געבען, פאַרציהט זיך דער מענש א טרויעריגער אין זיין הייזעל, זיצט און וואַרט, ער ווייסט, אז די ערד וועט זיך לאַנג נים ברוגז'ן, פונקט ווי ביי א מוטער וואס רייסט זיך ארוים א צייטווייליגע קללה אויף איהר קינד. צוריק וועט די ערד איהר שניי - מאַנטעל פאר־וואַרפען, עפענען איהרע מוטער ברוסטען אום צו דערנעהרען און קרעפטיגען די שעהנע זאַנפטיגע בלומען און זומער קוויטען, ווידער וועט זי דעם מענשען אין איהרע גאָלדענע קאָרן זאַנגען פאַרוויגען.

ווערט ברוגז דער מענש, עס ווערט איהם איינזאם און קאַלט, אנטלויפט ער אין דער גרויסער שטאָדט, וועלכע רוישט מיט איהרע מאַשינען, פאַרטויבט מיט איהר טומעל און געפילדער. בלאָזט פון זיך יעדען פריהמאָרגען און פאַרנאַכט. ווייסען זיי ביידע דער ים און די ערד, אז די גרויסע שטאָדט מיט'ן פאַלשען לעבען, מיט דעם אלטעגליכען שימעל וועט פון דעם אנטלאַפענעם לאַנג נים געהולדעט ווערען, צוריק וועט ער קומען, צום שטילען ים, וועלכער ליגט רוהיג און גלאַטיג אפשפיגלענדיג די לויטערסטע הימלישע אַפגלאַנצונגען, און צו דער זאַנפטיגער ערד וואס ווערט באוואַקסען מיט געל - גרינע בלימעלאך.

דער פרעמדער ווערט הינגעריסען, דאכט זיך, נאָך א ווייסטעניש, וויניג מענשליכע פיס האָבען אויף דעם באָדען געטראָטען, און דאָך, אזוי שעהן, ערהאבען, אזוי האַפנונגספאַל, דעם פרעמדענס הארץ

גיט א צאפּעל, א פונקען פלאם גיט א גליה אין זיין הארץ — איז נאָך מעגליך א באָרען פאר מיר ? . . .

---

די טאג - וואלקענס באפעסטיגען זיך דערווייל, פארנעהמען איין שטיק הימעל נאָכ'ן אנדערען, די טונקעלע נאכט - וואָלקענס, ווערען אכזריות'דיג געיאָגט פון די מיט מוט אנגעקומענע, וועלכע פארשפרעכען ליכט און גענוס און זעצען פאָר זייער קאמף מיט דער פינסטערניש.

פון דער ווייטענס האָט זיך דאָס מאָרגען - געזאַנג דערהערט, דאס טריאומפירענדע ליעד פון זיעגרייכען טאָג, איז אויף די סטרונעס פון בוים און פעלד געשפּיעלט געוואָרען. די שפּיעל - פויגעלאך זענען פון זייערע נעסטען ארויס, דאָס ליעד אויפגעכאפּט, עס איבער'ן ים צעטראגען. א בונטען שיין פון דער אויפגעהענדער זון, ווי א זיעגרייכע קעניגין, האָט פלוצים דעם פרעמדען, דאָס אלטע בענקען פון דער היים ארויסגעריסען, צום אבגרונד פון ים געשליי-דערט, און א נייע האָפנונג איהם באשאפען, א ליעד פון טרייסט איהם געזונגען.

דעם פרעמדען האָט מיט אמאָל זיין עלענד און פיין פארלאזען, ער האָט פארגעסען דעם אומגליקליכען געפיהל פון דעם עלענדען וואנ-דערער, וואס בלאָנדזשעט אום אין א וויסטעניש דורך דער פינסטער-ער נאכט.

מיט אמאָל איז פון דעם פרעמדען דער אלטער מאנטעל ארונטער-געריסען געוואָרען, און מיט א נייע האָפנונג איז ער באקליידעט געוואָרען.

מיט אלע אין כאָהר, דאָס טריאומפירענדע מאָרגען - ליעד מיט-געזונגען . . .

# דער נאַכט שומר

ציינד איך אין מיין לאָמפּ דעם קנויט,
געה איך אין די גאסען ברייט,
זוכענדיג אין טיעפער נאכט :
האט וואו עמיץ אויפגעוואכט ? —
ביי די לאדענס צוגעשפּארט
שטעה איך טראכטענדיג און ווארט . . .

ערגעץ האָט א האָן געקרעהט,
האָט די שטאָדט זיך אומגעדרעהט
שלעפעריג אויף דער צווייטער זייט,
דרעמלען ווידער שטאָדט און לייט, —
פּלוצלונג שלאָגט אוים נאָך א שעה,
ווערט דער הימעל, העלער גראה . . .

הינטער׳ן קלויסטער פון דער ווייט,
עמיץ פאהרט דאכט עמיץ רייט,
נאָר דאס שטעהטעל : איסגעשפּיעלט
ליגט אין טיעפען שלאָף געהילט. —
צי איך טראכט, צי איך זאָג :
א גוטע נאכט ! — א גוטען טאָג ? . . .

# אין וועג . . .

לאָזען מיר אלע אין וועג זיך אריין,
געהען מיר אלע וואלד אוים און וואלד איין,

גרייכען מיר ענדליך א נאָהענטען וועג,
מיינען מיר אלע אז דאָס איז דער ברעג . . .

טרעפען מיר זומפען און דערנער אָהן שיעור,
צוריק פון דארט וואנדערען מוזען דאן מיר.

לאָזען מיר ווידער אין וועג זיך אריין,
געהען מיר אלע וואלד אוים און וואלד איין...

# אין לאַנד פון עראינערונגען

וואו עס שיידען זיך די טייכען,
נעבען וועלדעל ביי דער מיהל,
זעה איך בלאַנדזשען דארט א בלייכען,
יונגען אינגעל אָהן א ציעל . . .

צארטע וואסער - ליליען קלויבט ער,
פלעכט ער בלומענקראנצען אויס,
שפעט נאָך זין - פארגאנג דאָרט בלייבט ער,
טרוימענדיג ביים כוואליען רויש . . .

— וועמען זוכסטו יונגער טרוימער ?
האָסטו וואָס פארלארען דאָרט ?
פון דער הויכקייט איבער בוימער,
וועמען, וועמען רופסטו פאָרט ?

האָסט א שטונדע דאָ פארלארען,
פון דיין העלער בליהונגס - צייט ?
זוכסטו אין דעם לויף פון יאָהרען,
א מאָמענט וואס איז שוין וייט ? . . .

זוכסט א חלום לאנג פארפלויגען,
איין סעקונד פון זעלטן - גליק ?
וואו - זשע בלאַנדזשען דיינע אויגען ?
וועמען זוכט דיין טריבער בליק ?

דאָך עס קומט זיין ענטפער זעלטען,
ווי פארפאלען, זוכט ער שטום,
אין די אונזעהבארע וועלטען,
און ער דריקט צו זיך א בלום . . .

און די צארטע ליליען קלויבט ער,
פלעכט די קראנצען אָהן א צאָהל,
אין עראינערונגען בלייבט ער,
אין דעם גליק פון דעם „אמאָל“ . . .

# א הערבסט אָוונט

אין דרויסען וואויעט, וויינט דער פייכטער ווינד,
ווי א קליינעס קינד,
און איך שוין האלב בלינד,
זיצט די באָבע נאָך ביים ראָד און שפינט . . .

אויף א וויעגשטול זיץ איך אָנגעלעהנט.
אין אויוועלע ברענט,
וואַרעם איך די הענט.
לאנגע שאָטענס דראפּען אויף די ווענט.

ס'טוקט זיך די לבנה אינ'ם וואָלקענרוים.
מיך וועבט אום א טרוים,
און איך שפּיר מיך קוים.
ווייט פאַרשלינגט דער ים דעם הימעלזוים.

אלע מיעדע רוהען אין דער נאכט.
בלויז א גריל נאָר וואכט,
גרילצט אין דיל ביינאכט,
די לבנה קוקט אראָפּ און לאַכט . . .

## אָוונט געבעט

ווען עס נויגען זיך די שאָטענס נידעריג אַרונטער,
און בלאָה - רויט צופלאַקערט זיך די זון ביים פאַרגאַנג,
און וועבט אויס גינגאָלדענע ראַנדען אין מערב,
און עס שעפּטשען ווי תּפילות בלום און זאַנג, —

קום דאַן אין פעלד אַרויס — וועסט מיך טרעפען,
מיינע אויגען געווענדט צום הויך - געוועלבטען הימעל,
זיך באָדענדיג אין קריסטאַל - קאָלירטע פאַרבען,
בעטענדיג פאַר דיר צו מיין באַשעפער, —

קום דאַן מיט לייכטע טריט, דו יונגע הירשען,
מיט דיין האָר - צולאָזטען קאָפּ, אין זאַנפטען ווינד,
קניע מיט מיר צוזאַמען ביי דער לעצטער תּפלה,
און געלייטערט ווערען מיר פון מענשען - זינד . . .

ל. ראזענבערג

# „בלעטער פון מיין אלבום“

(לידער)

# מיין אלבום

די בלעטער, וואס זענען
נ׳מיין אלבום פארבליבען,
זיי האב איך אויף אייביג,
פאר מיר אויסגעקליבען.

די בלעטער זיי וועלען,
דערצעהלען זכרונות, —
פון יוגענד, פון מיידלאך,
פון ליעבע, חלומות . . .

ווען ס׳וועט אמאל בלאזען,
די קעלט דורך מיין פענסטער,
וועט קומען א מאמענט, —
דער ליעבסטער, דער שעהנסטער:

איך וועל אויף א וויעג - שטוהל
ביים קאמין מיר זיצען, —
א פייער׳ל, א ליעבעס,
וועט קנאקען און שפריצען . . .

און רוהיג וועל איך דאן,
מיין אלבום דורכמישען, —
א טרעהר, אך, א הייסע,
פון אויג מיר אויסווישען . . .

קיין בלעטעל, קיין איינציג,
וועל איך נים פארפעהלען,
צו קוקען, באטראכטען,
וואס ס׳קען מיר דערצעהלען . . .

די בלעטער זיי וועלען,
מיר ברענגען זכרונות,
און שפיל מיך פארוויעגען
אין יוגענד - חלומות . . .

# ניט שרעק

און אז די זון איז פארגאנגען,
וואָס שרעקסטו מיין ווייבעל ? —
כ'וועל די טירען פארריגלען,
די לאָדענס צומאכען,
און די נאַכט די גאַנצע וועל איך ביי דיר וואכען . . .

כ'וועל א פייער'ל א ציכטיגס אין ווינקעל אָנצינדען —
ס'וועט די שאָטענס פארטרייבען פון די ווענט,
און וועל דעם קניפּ - שלייף פון דיין טאָג - קלייד אויפבינדען,
דיינע האָר אויף די אקסלען צעלאָזען,
מיט א לארבער קראנץ וועל זיי באציערען,
און דיין אלבאסטער, קריסטאָל - לויטער לייב
מיט גן - עדן בשמים אויסשמירען,
און איינהילען עס אין א רויז - זיידען העמד . . .

און אין בעט ביי דיין זייט וועל איך ליעגען,
ווי א שומר א טרייער דיך היטען,
און אין א זיס - ליעבען שלאָף דיך פארוויעגען . . .
אין דיינע אויערען, וועל שטיל - זיס,
„שיר - השירים" אריינזינגען —
וועלען זיסע חלומות אין דיין נאכט - שלאָף ארייגדרינגען . . .
און וועט דער נאכט - טרוים דיין צניעות'דיגע ברוסט
אנטפּלעקען, —
מיט קושען זיך - הייסע וועל איך זי צודעקען . . .
און וואכען, און וואכען, וועל איך ביי דיין זייט,
ביז העלער וועט ווערען דער נאכט'ס שווארצע קלייד . . .
און ס'וועלען די לאָדענס - שפאלטען,
זיך מעהר ניט באהאלטען . . .
און ברענגען דעם שיין פונ'ם טוי - פרישען - מאָרגען,
און וועלען זיך עפענען, דיינע אויגען די ציכטיגע —
וועסטו שוין באגעגענען, די זון א העל - ליכטיגע . . .
און — קושען דיין וועכטער וועסטו : „גוט - מאָרגען" . . .

## צו א אידישען פערלער

טרעף איך דיך שמוציג און אפגעריסען,
שטופען א פושקארט מיט שמאטעס אין גאס,
ווערט דאן מיין הארץ פול מיט שמערצען און כעס,
אזש ווי א הונט וואָלט איך דיך צעריסען.

ס'איז דאך מיט תורה דיין הארץ פול און ריין,
און דיין נשמה איז אייד'לער פון זייד, —
הילסטו זיי איין אין א שמוציגעס קלייד,
זאָג, דו בן ־ תורה, צי דארף אזוי זיין?

פארש איך די בליקען פון דיינע אויגען,
זעה איך דיין רוקען אין דריי'ן געבויגען,
פיהל איך: דו ליידעסט דערפון אָהן א ברעג.

פיהלסט טיעף די שאנדע וואס נעהמט דיך ארום,
קענסט דיר ניט העלפען: ביסט פרעמד דאָ און שטום, —
בויג איך מיין קאָפּ שטיל און געה מיר מיין וועג . . .

## און איך וויים

זעה איך ווי די זון געהט אונטער,
זעה איך ווי דער טאָג פארגעהט,
דאן פארשטעה איך קלאָר און דייטליך,
וואָס מיין לעבען גאָר באַטייט . . .

כ'זעה די פייער ־ בערג און וועלדער,
וואו עס טונקט די זון זיך איין;
כ'זעה די רויטע, העלע פארבען,
פלאמען פון דעם זונען ־ שיין . . .

דאן ענטפלעקט זיך מיר דער פתרון,
פון מיין יוגענד, פון מיין הארץ, —
און איך וויים די נאכט וועט קומען,
אַ, די נאכט, געהילט אין שווארץ . . .

# נאָכ'ן רעגען

(געווידמעט מיין ליעבען
פריינט קלמן וואגנער.)

נישט קיין שטערען אויף דעם הימעל,
נישט קיין נפש אויף דער גאַס,
אלץ פארזונקען אין א דרימעל,
און פון רעגען פויל און נאַס . . .

אַט דאַס זעה איך נאָך דעם רעגען,
איצט פון פענסטער כ'קוק ארויס,
און איך טראַכט: פאר מיינעטוועגען, —
זאָל אין דרימעל אלץ געהן - אויס . . .

ווייל צום גוטען, שעהנעם, ווייכען,
האָט די גרויסע וועלט פארמאַגט,
קאָן איך סיי - ווי ניט דערגרייכען,
ווייל מיין לעבען איז פאריאָגט . . .

ס'איז פאריאָגט מיין גאנצעס לעבען,
פון גאנץ פריה ביז שפעט אין נאַכט,
נאָר פאר יענעם אָפּצוגעבען,
מיינע כחות און מיין מאַכט . . .

גרויסע טראָפּען שוויים - בלוט פאַלען,
פאַלען פאר א שטיקעל ברויט, —
ברויט געקנעטען פון שוויים קוואַלען,
און איך לעב אין דרוק און נויט . . .

און אז כ'זעה איצט נאָך דעם רעגען,
ווי אלץ שלאָפט און רוהט זיך אויס,
איז מיין וואונש פאר ט ר י י ס ט נאָר וועגען, —
ס'זאָל אין דרימעל אלץ געהן - אויס! . . .

## קענט איהר מיין פייגעלע ?

קענט איהר מיין ליעב פייגעלע ?
האָט איהר זי אמאָל געזעהן ?
— ניין, ז'איז ווייט, איהר קענט זי ניט,
זי איז וואונדער, וואונדער שעהן !

קיינמאָל האָט איהר זי געזעהן
דאָך איז זי אייך גוט באקאנט,
פון די שעהנע וואונדער ליעדער,
וואָס זי זינגט אלץ דורכאנאנד . . .

— וואָס, איהר האָט גאר קיינמאָל ניט
געהערט איהר זינגען, שפּיעלען ? —
טאָ, הערט זשע מ י י נ ע ליעדער,
און איהר וועט ז י שוין פיהלען ! . . .

## ווייט ביסטו

ווייט ביסטו פון מיר,
ווייט אונדערגרייכבאר ;
ווייט ביסטו פון מיר,
און איך שטרעב און גאַר . . .

און איך שטרעב און גאַר,
דיך איצט צו פיהלען ;
און מיין הייסען פיין,
מיט דיר צו קיהלען . . .

ווייט אונדערגרייכבאר,
ביסטו איצט פון מיר ;
דאָך ווי ווייט דו ביסט,
איז מיין הארץ מיט דיר ! . . .

## קום צו מיר צוריק

יונגעס לעבען, ליעבעס גליק,
אויגען פייער, זונען - גליט, —
קום צו מיר צוריק,
קום צו מיר צוריק.

העלע זון, דו ווייסע ליכט,
ביסט פארשוואונדען אומגעריכט, —
קום צו מיר צוריק,
קום צו מיר צוריק.

נעכטען ביסטו אין מיין שויס,
היים געלעגען, ווילד געדריקט,
ליפ צו ליפ און ברוסט צו ברוסט,
היינט — א חלום, אלעס אויס . . .
קום צו מיר צוריק,
קום צו מיר צוריק.

אָ, פארגיב מיר יוגענד מיין !—
ס'האָט פאריאָגט דיך מיינע זינד,
כ'האָב געפאָלגט דעם שטן בלינד —
— קען א מ ע נ ש פון זינד זיין ר י י ן ?...—
קום צו מיר צוריק,
קום צו מיר צוריק.

יוגענד - לעבען, יוגענד - גליק,
יוגענד - פייער, יוגענד - גליט, —
קום צו מיר צוריק,
קום צו מיר צוריק.

# דער טרוימער

— „אין דער הויך, אָ, זאָג וואָס זוכסטו ?
ווען דאָ אויף דער ערד געפינסטו,
בלומען, רויזען אויף די וועגען,
ליפען, ברוסטען דיינעטוועגען ?"

— „ס'שרימפען ליפען, ס'דארען ברוסטען
ס'וועלקען בלומען, ס'הערבסטען רויזען,
ס'טוט דאָס געטליך לעבען ציהען,
מיך ארויף אין הויך — כ'מוז פליהען !" . . .

— „ווילסטו דאָ קיין נעסט דיר בויען ?
און דיין סוד א ווייב פארטרויען ?
צו וואָס פליהען אין דער לופטען,
ווען די ערד איז פול מיט דופטען ?" . . .

— „פאר מיין נעסט ניטאָ קיין באָדען,
ס'האָט א ווייב מיין סוד געטראָטען,
כ'מוז איצט שוועבען אין די רוימען,
שטיל מיר וועבען מיינע טרוימען !" . . .

— „זאָג, אָ, ליעבסטו ניט געזאנגען,
פון די יונגע מיידלאך קלאנגען ?
קען קיין רויטער וויין ניט רעגען,
אויף דיין בלוט צו לעבענ'ס - וועגען ?"

— „כ'ליעב נאָר געטליכע געזאנגען,
בלויז מלאכים'ס הימעל - קלאנגען ;
פון דעם וויין נאָר שיכור ווערען,
קען מען — און דעם טרוים צושטערען !" . . .

און דער יונגליג איז געפלויגען
אין דער הויך — אין זיינע אויגען,
איז די ערד זאָ קליין געוועזען,
און די מענשען — קיינעם וועזען ! . . .

דורך די וואלקענס קאלט, גערדיכטע —
פאר דעם טרוימער אונגעריכטע —
איז ער מיעד געווארען פליהען,
ט׳איהם אראפ גענומען ציהען . . .

אויף דער ערד איז ער געפאלען,
און געזוכט די לעבענ׳ס - קוואלען . . .
— — — — — — — — — — — — — — —

קברים נאסע, ט׳ער געטראפען,
מיידלאך בלאסע, מיעדע שלאפען . . .

אויף מצבות איינגעבויגען,
בלאנדזשען זיינע מאטע אויגען:
— א מצבה ט׳איהר געגעבען,
טרוימען, פאר מיין יוגענד - לעבען . . .
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

## מייןביידעל

שטעהט מיין ביידעל צווישען פעלדער,
אונטער ביימער טריבע,
הער איך ערגעץ קינדער זינגען, —
ווייס איך דאס מיינט ליעבע.

זוך איך אויף די פעלדער, וועגען,
ערגעץ - וואו א מיעדען
וואנדערער — איז ניט צו זעהן, —
ווייס איך דאס מיינט פריעדען.

ניין, איך זוך ניט — ניט קיין פריעדען,
איך ניט וועמעס ליעבע,
כ׳וויל אין ביידעל בעסער וואוינען —
נאר מיט דיר מיין ליעבע ! . . .